ישע גאָלדוואסער

# מענטש
# און מאַסקע

## זישע גאָלדוואסער

# מענטש און מאַסקע

(מעמואַרן און עפּיזאָדן)

תל-אביב

תשל"ב — 1972

דאָס איז שוין לויט דער איניציאַטיוו
פון דאַניעלן — דאַניעליטעלע...

„דער גוטער קאַנסער״ איז געווען דער אָריגינעלער נאָמען פון דאָזיקן בוך. זישע גאָלדוואַסער ז״ל האָט עס אַזוי אָנגערופן נישט צופעליק. ער איז די לעצטע צייט געווען מסוכן קראַנק, שטאַרק געליטן, אָבער אַרויסגעוויזן אַ גרויסע אַקטיוויטעט, הגם ער האָט געוווסט וועגן דער געפאַר. און אפשר האָט דאָס טאַקע דער פאָרגעפיל פון נאָענטן טויט אים אַזוי אַקטיוויזירט.

איינע פון זיינע לעצטע טעטיקייטן איז געווען דאָס אָנשרייבן די דאָזיקע זכרונות. ער האָט געוואָלט דערמאָנען מענטשן און פּאַסירונגען, מורא געהאַט זיי זאָלן נישט פאַרלוירן ווערן אין דעם ים פון גלייכגילט אין אונדזער לעבן. אין זיינע לעצטע מינוטן זענען אים פאַר די אויגן געשטאַנען געשטאַלטן, ער האָט זיך דערמאָנט פּאַסירונגען און נישט געהאַט קיין צייט די דאָזיקע בילדער גענוי און פּינקטלעך צו פאַרפיקסירן. די דאָזיקע זכרונות זענען אָנגעשריבן געוואָרן אין לויף פון געציילטע טעג, — „אַריינגעכאַפּט״ — ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט.

נישט געקוקט אויף דעם ספּעציפישן כאַראַקטער פון די פאַרצייכענונגען, וועלכע זענען ריין־פּערזענלעכע, נישט געקוקט אויף זייער האַסטיקייט און אימפּעט — גיבן זיי דאָך אונדז אַ בילד סיי פון דעם אימפּולסיוון, שעפערישן מענטש זישע גאָלדוואַסער, וועלכער האָט מיט מי און פלייס זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג אין לעבן, און מיר זעען אויך גלייכצייטיק אַ בילד פון דער צייט, געמעלן אין דינע, איידעלע שטריכן, מיט אַ גרויסער ליבשאַפט צו מענטשן.

פון די פאַרצייכענונגען, געשריבן גאָר קורץ פאַר זיין טויט, אָטעמט פון דעסטוועגן מיט אָפּטימיזם און גלויבן. דערפון נעמט זיך אויך דער נאָמען „דער גוטער קאַנסער״. ער איז מבטל דעם נאָענטן טויט, לאַכט אים אויס, שרעקט זיך נישט פאַר אים. עס איז נישט קיין רעזיגנאַציע מיט אַ טרויער־טאָן, נאָר אַ בראָבע,

וועלכן מען מוז אויפנעמען און במילא דאַרף מען נישט וויינען די לעצטע טעג.

„מענטש און מאַסקע" סימבאָליזירן צוויי זייטן פון דער טעטיקייט פון זישע גאָלדוואַסער ז"ל: זיין שווערן לעבנסוועג און זיין אויסלעבן זיך אין טעאַטער. ער האָט געהאַט אַ נשמה פון אַ קינסטלער, אָבער די באַדינגונגען האָבן אים אָנגעצייכנט אַן אַנדערן לעבנסוועג. און הגם פון צייט צו צייט קרייצן זיך די ביידע וועגן, דאָך האָבן זיי נישט באַפרידיקט זישע גאָלדוואַסערן, דעם ערלעכן, פשוטן אַרבעטער, וואָס האָט געחלומט פון העכערע זאַכן. און אוודאי האָט עס נישט באַפרידיקט דעם טעאַטער־מענטש. פון דעסטוועגן איז ער נישט געווען קיין אומצופרידענער, קיין פאַרביטערטער. אָפּטימיזם, לעבנס־גאַרונג און אַן אומגעהויערע ליבע צו מענטשן זענען געווען זיינע כאַראַקטער־שטריכן.

מיטן אַרויסגעבן זיינע לעצטע פאַרצייכענונגען ווילן די משפחה און די פריינד אויספילן זיין צוואה, זיין לעצטן ווונטש צו זען זיי אין אַ בוכפאָרם.



ר אַ פ י
דער יינגסטער זון
פון זישע גאָלדוואַסער

אין מיין זכרון — ווייל איך — זאָל לעבן זישע גאָלד־וואַסער, דער געזונטער, פעסטער, אייביק־אָפּטימיסטישער שמח בחלקו, ווי כ׳האָב אים צענדליקער יאָרן געקענט, און נישט דער אויסגעצערטער, איינגעשרומפּענער חולה מסוכן, וואָס וואַרט מיט פיבערדיקן באַוווּסטזיין אויף דעם אומפאַרמייד־לעכן סוף.

פאַר מיינע אויגן — ווייל איך — זאָל תמיד שטיין די גאַלעריע קערנדיקע, קרעפטיקע געשטאַלטן, וועלכע זישע האָט מיט האַרציקער עמך׳דיקייט און פאָלקסטימלעך־קינסט־לערישן אמת געשאַפן במשך פון יאָרן און יאָרן אויף די ברעטער פון געלייטערטן יידישן טעאַטער „איפּט״, „אי־דראַמס״ א. א.

מיט האַרץ און נשמה איז זישע געווען איבערגעגעבן דער טעאַטער־עבודה, וועלכע ער האָט קיין מאָל נישט גע־נוצט פאַר אַ „קרדום לחפור בה״;

ער האָט ווייל פאַרשטאַנען, אַז טעאַטער ווי אַ פּראָפע־סיע קאָן נישט געבן די מיטלען צו בויען און אויפהאַלטן אַ היים פאַר דער משפחה און מגדל צו זיין די קינדער — דעריבער האָט ער אַלע יאָר אָפּגעהיט „שער און אייזן״ פאַר פּרנסה, און די טעאַטער־אַרבעט פאַר דער נשמה יתירה; כסדרדיקע פּראָבן, פּרעמיערעס, ספּעקטאַקלען, אויפטריטן — דאָס איז געווען דער שבת־יום־טוב אין גרויען לעבן און אויסערן טעאַטער דער שבת־אחים מיט חברה, די לעבעדיקע און לוסטיקע טעאַטער־קיבעצאַרניע — זיין „קלוב״ פון גע־מיטלעך־חברישן אויסלעבן זיך.

דאָ אין ישראל האָט זישע געאָטעמט מיט דער טאָג־טעגלעכער ווירקלעכקייט און געלעבט מיט אַ נאָגנדיקער בענקשאַפט נאָך יענע גוטע טעאַטער־יאָרן, נאָך יענע חברים און נאָך זיינע דערפאָלגן פון אַמאָל; דאָ האָט אים געצויגן און ר׳האָט זיך געטוליעט צו אַלע דערשיינונגען אין דעם היגן קולטור־וועלטל אויף מאַמע־לשון און ר׳האָט געפונען אַ טיילווייזע טרייסט אין די ערשטע טריט פון זיינע דריי זין אין דעם העברעישן טעאַטער און אויפן מוזיק־געביט.

די לעצטע צייט האָט דער צעבראָכענער שאַרבן, —

אַ שאָטן פון דעם אַמאָליקן זישע, — קלאָר געוווּסט, אַז זיינע טעג זענען געציילטע, און ער פלעגט רעדן וועגן דעם ווי וועגן אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכן פינאַל פון דער קאָמעדיע, וואָס דויערט פון דעם פוילישן שטעטעלע ר י פּ י ן, דורך אַרגענטינע ביז בת־ים אין ישראל.

— קום צו מיר שוין, וואָס שנעלער, ס׳איז נישטאָ קיין צייט — פלעגט ער מיך יאָגן — מ׳דאַרף זיך צואיילן, כ׳מוז וואָס שנעלער אָנשרייבן אַ פּאָר קאַפּיטלען... זאָלן מיינע קינדער וויסן, אַז זייער לעבן הייבט זיך נישט אָן — אין יאָר 1972...

און ער האָט זיך פיבערדיק גענומען צו דער אַרבעט.

— עס הענגען אויף די ווענט די איינגערעמטע פאָטאָ־גראַפיעס פון מיינע ראָלן — פאַפירענע העלדן געבליבן... זאָל אויך בלייבן אַ בינטל בלעטלעך פון מיין אָפּגעלעבט לעבן — — —

— כ׳האָב דערלעבט מיין בכור׳ס חתונה, וויל איך נאָך דער חופּה רעציטירן פּרצ׳ס „יידישקייט״ — הער, ווי עס גייט, מיטן נוסח, מיטן ניגון — אי־אַי, יידישקייט!...

— כ׳וועל אויפטרעטן פאַר אַן עולם צום לעצטן מאָל... עס דויערט בלויז 4, 5 מינוט, נישט מער...

און ער האָט געלאַכט פון מיר, ווען כ׳האָב אים געענט־פערט, אַז צום לעצטן מאָל איז נאָך ווייט...

— גיי שוין גיין, איך ווייס בעסער...

און דאָס איז געווען זיין לעצטער אויפטריט.

* * *

זיינע זין, וואָס האָבן פון דער פריסטער קינדהייט איינ־געזאַפּט טעאַטער־לופט, גייען אין דעם טאַטנס וועגן, און זיי וועלן זיכער דינען דער ישראל־קונסט מיט דער זעלבער ערלעכקייט און פאַרליבטקייט ווי זייער פאָטער — מיין חבר און פריינד,

ז י ש ע  ג אָ ל ד ו ו אַ ס ע ר .

מיין טרער פון האַרצן אויף זיין פרישן קבר
אין די זאַמדן פון חולון־בת־ים.

זלמן הירשפעלד

## כמו אַ הקדמה

לייענענדיק דעם ראָמאַן פון יצחק באַשעוויס „דער פאַר־טריבענער זון״ האָב איך געקריגן אינספּיראַציע אָנצושרייבן מיינע זכרונות. לייענענדיק אויך אַן אַרטיקל אין די „לעצטע נייעס״ וועגן דעם 80־יעריקן סקולפּטאָר, קינסטלער זשאַק ליפּשיץ, אַז מיט 13 יאָר צוריק איז ער קראַנק געוואָרן אויף אַ קרעבס און ער האָט שוין געהאַלטן ביים ראַנד פון גיין אין דער אייביקייט, און דאָך איז געשען אַ נס... איצט קומט ער קיין ישראל שאַפן איינע פון זיינע גרעסטע שאַפונגען — דאָס האָט מיר געגעבן כוח און מוט און דערצו האָט נאָך מיין בחור, ראובן, מיך געשטויסן:

— טאַטע, שרייב עפּעס אָן...

— וואָס? אַ טעסטאַמענט, די ירושה?...

— ניין, נישט דאָס מיין איך...

— נאָר וואָס? מעמואַרן פון מיין לעבן? מוז מען דאָך קאָנען און איך בין נישט קיין שרייבער.

— שרייב עפּיזאָדן פון דיין לעבן...

— אָ, דאָס קאָן זיין... איך פלעג דאָך אייך פון צייט צו צייט דערציילן. דעריבער קום איך נאָך דיין פאַרלאַנג און דורך די רייד צו מיינע בנים וועל איך שרייבן צו מיינע אייניקלעך. אַזוי ווי כ׳וואָלט זיי דערציילט. איי, איר זענט נאָך, מיינע אייניקלעך, נישטאָ, אָבער איר וועט געוויס קומען. כאָטש איך וועל שוין זיין אין דער אייביקייט, וועל איך אַלץ בלייבן אייער זיידע...



לאה (פון דער היים קיטאַיגראָדזקי)
די פרוי פון זישע גאָלדוואַסער

ווען איך בין נאָך געווען אין די אינגעווײדן פון מיין מוטער, האָב איך זיך אָנגעהויבן צו בריקעווען, דריגען מיט די פיס און אָנגעהויבן זוכן וועגן ווי אַזוי צו אַנטרינען. ביז זי האָט געקריגן גרויסע ווייטיקן און פון גרויס ווייטיק האָט זי אָנגעהויבן זינגען. דאָס האָט עפּעס אָנגעדייט. איך „געדענק" נאָך דאָס לידל וואָס זי האָט געזונגען:

„דאָרטן אין דעם גאָרטן
שפּילט מען אין קאָאָרטן.
דער אַלטער, דער אַלטער,
וועט זין אַ גרויס שוואַרץ יאָר אויסרעכטן"...

אָבער איך האָב נישט געהאַט קיין אַנדערע ברירה, ווייל עס איז מיר געווען ענג און נאָך גרויסע און שווערע ליידן פון דער מוטער איז מיר געלונגען איר צו פאַרגרינגערן די ליידן און איך האָב געפונען דעם וועג און אַרויסגעשפּרונגען!... אָבער מ'האָט מיך באַלד געכאַפּט און מיך אַריינגעוואָרפן אין וואַסער. און איך האָב זיך טאַקע געפּילט ווי אַ פיש אין וואַסער. געשפּרונגען, געפּאַטשט, געאַרבעט מע־שים, ביז מען האָט מיך באַהערשט און מיך אָנגע־הויבן בינדן. ס'איז דען געווען אַן אַנדערע ברירה? אָבער איך, אַ געבונדענער, האָב זיך געמוזט אַביסל באַרויקן. איך האָב געזען, ווי דער טאַטע איז אַרומ־געלאָפן פאַר פרייד און געפּאַטשט מיט די הענט און

געשריגן, געליאַרעמט: מזל־טוב! מזל־טוב! און צו ביסעלעך האָט ער אָנגעהויבן זיך צו באַרויקן. ער האָט געטראַכט:

— וואָס טוט מען ווייטער מיט דעם פיש? קודם, — האָט ער געזאָגט, — מוז מען גיין אים פאַרשרייבן. דאָס איז דאָך אַ מוז־זאַך, מען מוז דאָך גיין אים פאַרשרייבן אין דער מוניפּאַליציטעט.

און ער האָט געהערט ווי דער איינשרייבער מורמלט:

— נאָך אַ פאַרשיווע זשיד געבוירן געוואָרן...

און דער פאָטער האָט אים געענטפערט:

— נישט לאַנג וועט ער זיין פאַרשיווע, — נאָר אַכט טעג... ווייל מען וועט דאָך אים מלה־זיין...

און איר ווייסט דאָך, אַז ווען מען שניידט אָפּ אַ שטיקל פלייש, אָן איינשפּריצונג, טוט דאָך טאַקע שטאַרק וויי, — האָב איך טאַקע געשריגן ווי אַ קליין חזירל, אָבער איך האָב מיר געטראַכט: איך וועל מיך שוין מיט אים אָפּרעכענען... און עס איז טאַקע אַזוי געווען. ווען ער איז דערנאָך געקומען מיך קאָנ־טראָלירן, זען ווי אַזוי איך זע אויס, האָב איך אים געשטויסן מיט די פיס. עס איז אים נישט אַזוי גרינג אָנגעקומען — אָבער צום סוף האָט ער מיך באַהערשט. ער האָט מיך אַוועקגעלייגט און איך האָב אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם. זיך אַביסל באַרויקט, אָבער ער איז נאָך מיין פּטור נישט געוואָרן. יעדעס מאָל, ווען מען האָט מיך גענומען באָדן, אַז איך זאָל זיין ריין, שמעקעדיק, האָב איך זיך אַלץ נישט געקענט באַרויקן צוליב די ווייטיקן, וואָס זיי האָבן

מיר פאַרשאַפן. יעדעס מאָל, ווען זיי האָבן מיך באַפרייט פון די „קייטן”, — האָב איך געאַרבעט מיט די הענט, מיט די פיס, און ווי אַ צולאָג גע־קוויטשעט, — דאָס איז אַלץ נאָך געווען אַן אָפּרע־כענונג פאַר די ווייטיקן, וואָס זיי האָבן מיר פאַר־שאַפט. אָבער צו ביסעלעך האָב איך זיך אָנגעהויבן באַרויקן.

די עלטערן האָבן זיך אַרויסגעצויגן פון דעם געבוירן־שטעטל ריפין און געצויגן זיך אין שטעטל דאָבזשין ביי דער דרעווינץ. דאָס איז אַ לויפנדיקער טייך, מיט וועלכן איך בין שוין אויך געלאָפן. דאָס הייסט, איך האָב זיך שוין געשטעלט אויף די פיס־לעך. און דאָ הויבט זיך אָן מיין ווייטערדיקער גאַנג. און מען האָט מיך ווייטער געוואַשן, גערייניקט, אַזוי ווי ביי אַלע מאַמעס... באַגלייט שוין מיט פעטשלעך, — אַזוי ווי מען דאַרף דערציען אַ קינד. מיט פעטשע־לעך און מעשהלעך...

און דאָ הויבט זיך אָן מיין ערשטער עפּיזאָד, ווען איך בין אַלט געווען אַנדערהאַלבן יאָר. איך געדענק דאָס וויגעלע וואָס איז געשטאַנען אין שטוב; די וויגלעך פלעגט מען דאָך האַלטן פון איין קינד צום אַנדערן; איך בין שוין געווען דער דריטער אין דעם וויגל, — איך האָב זיך געלייגט אין דער ברייט, ווייל איך בין געווען אַ זיבעלע, אַ קליינער. מיט אַ מאָל פיל איך, ווי ס׳הויבט זיך אונטער מיר עפּעס. איך קריך אַראָפּ פון וויגעלע: וואָס איז דאָרט? און איך נעם אַראָפּ די קאָלדערקע און עס שפּרינגט

אַרויס אַ מויז, אַזוי גרויס ווי אַ קאַץ. איך נאָך איר. כ'האָב זי געוואָלט כאַפּן. כ'בין דאָך געווען גרעסער פון איר. אָבער זי איז אַריין אין אַ לאָך, וווּ איך האָב נישט געקאָנט אַריינקריכן. איך בין געבליבן שטיין און געוואַרט, זי זאָל אַרויס פון לאָך און כ'זאָל זי כאַפּן. כ'בין אַזוי לאַנג געשטאַנען און געוואַרט, אָבער זי איז נישט אַרויס. און פּונקט איז אָנגעקומען די מאַמע און מיך געפרעגט:

— וואָס שטייסטו דאָרט?

זאָג איך פּשוט:

— דאָ אין דעם לאָך איז אַריין אַ קאַץ, וואַרט איך זי זאָל אַרויס...

— אוי, — פאַרברעכט די מאַמע די הענט, — ס'איז דאָך אַ מויז! און די מאַמע נעמט זיך באַלד צו דער אַרבעט. זי צעברעכט אַ פלאַש און פאַר־שטאָפּט מיטן גלאָז דאָס לאָך, די מויז זאָל נישט אַרויס. דאַן ערשט בין איך אַוועק און געוואָרן אויס היטער פון דעם מויזנלאָך...

ווען דער טאַטע איז אַהיימגעקומען האָט די מאַמע אים דערציילט די גאַנצע געשיכטע. דעם טאַטן האָב איך זעלטן ווען געזען. ער איז שטענדיק געווען אין בית־המדרש. אַז עס האָט אים געהונגערט, איז ער אַהיימגעקומען עפּעס איבערכאַפּן. גלייכצייטיק פלעג איך אַריינכאַפּן... אַביסל קלעפּ. פאַר וואָס? נו, ביי אַ קינד איז אַלע מאָל דאָ אַ פאַרוואָס. עס טוט דאָך אַלע מאָל פאַרשידענע „זביטקעס". און אַ מאָל איז דאָך נישט געווען קיין אַנדערער חינוך. איך דערצייל דאָך וועגן אַ תקופה פון איבער 65 יאָר

צוריק. נו יאָ, היינט זענען דאָך אַנדערע צייטן, היינט איז דאָך אַן אַנדערער חינוך, וואָס העלפט ווי אַ טויטן ביינקעס...

יאָ, וואָס מכוח פרנסה? מען דאַרף דאָך לעבן. איז אַזוי: אַז די מוטער האָט געפונען עפּעס אַן אַרבעט פאַרן טאַטן, האָט דער טאַטע מיט אהבה אָנגענומען. אַפילו גאַסן קערן... נו, צו דעם האָט מען דאָך נישט דערלאָזט קיין יידן צוליב אַנטי־סעמיטיזם. דאָ אין ישראל איז דאָך קיין אַנטי־סעמיטיזם נישטאָ, קענען יידן קערן גאַסן. אויך אַ גאַנץ שיינע פרנסה. די מאַמע האָט געפונען אַ בכבודיקע אַרבעט: אַ פאַבריק פון שטאָפּן פּאַפּיראָסן. פון דעם איז געווען אַ שטיקל פרנסה. די מוטער האָט אָנגעהויבן נייען וועש פאַר גבירים, פאַרשטייט זיך, אַזוי ס'איז שוין געווען אַ „שיינע" פרנסה. די מאַמע פלעגט פאַרדינען מערער פון טאַטן. וואָרים ער איז געווען מער פאַרנומען מיטן בית המדרש.

ביי דריי יאָר בין איך קראַנק געוואָרן. אויף וואָס? דאָס ווייס איך נישט. מען האָט גערופן אַ דאָקטאָר צי אַ פעלדשער — איך גלויב, אַז צו יענער צייט איז בכלל אין שטעטל קיין דאָקטאָר נישט געווען. נאָר דאָס געדענק איך יאָ: ער האָט פאַר־שריבן צוויי פּראָשקעס און ער האָט געזאָגט, אַז מען זאָל מיר געבן איין פּראָשעק און אויב מען וועט מערקן, אַז איך באַוועג זיך, זאָל מען דעם אַנדערן פאַרניכטן, אַז ס'זאָל אַפילו נישט אָנקומען צו אַ חיה. און אויב נאָכן ערשטן פּראָשעק וועט מען נישט באַמערקן אַז כ'באַוועג זיך, זאָל מען מיר געבן דעם



די מוטער
רבקה בענזל

צווייטן. ווייל עס איז נישטאָ וואָס צו פאַרלירן. אָבער ברוך השם, ווי איר זעט, איז געווען איין פראָשעק גענוג.

אין דער צייט איז דער טאַטע געוואָרן אַרבעטלאָז און די מוטער איז געוואָרן די גאַנצע פּרנסה־געבערין. אין אַ געוויסער צייט רופט מיך מיין פאָטער — ער איז געווען אַ ליידנשאַפטלעכער רויכערער — און זאָגט מיר:

— הער, זישע, אין דעם מאַשין־קעסטל ליגט אַ פּאָר קאָפּיקעס. נעם אַרויס איין קאָפּיקע און ברענג מיר...

איך האָב נישט געוואָלט נאָכקומען זיין בקשה, ווייל איך האָב מורא געהאַט פאַר דער מאַמען. ווען זי וואָלט מיך געכאַפּט דערביי, וואָלט זי מיך אַזוי צעמקלט און „צעבראָקט" אַז ס'וואָלט געווען אַ שרעק. כ'האָב געוווסט, אַז אויב כ'וועל נישט אויס־פירן דעם באַפעל פון טאַטן, וועל איך אפשר אויך קריגן געשלאָגן, אָבער נישט אַזוי שטאַרק ווי פון דער מאַמען. נו, האָב איך אויסגעקליבן די קלענערע קלעפּ. ווייל אַ קינד האָט אויך ליב צו שלאָגן, אָבער נישט קריגן געשלאָגן...

אַלט זייענדיק פינף יאָר האָב איך באַמערקט ווי די מוטער ווערט אַלע מאָל דיקער. און ס'איז מיר איינגעפאַלן צו פרעגן:

— וואָס איז דאָס, וואָס דער בויך ביי דיר ווערט אַלע מאָל דיקער?

און די מאַמע האָט מיר געענטפערט, ווי אין יענער צייט האָט זיך געפירט, — אַ מאַמע האָט פאַרשטאַנען צו ענטפערן — היינט ענטפערט מען זיכער אַנדערש, מער מאָדערן. צי ס'איז בעסער היינט אין דעם זינען, נעם איך זיך נישט אונטער צו ענט־

פערן. אַז עס האָט זיך דערנענטערט די צייט פון געבורט, האָט דער דאָקטאָר צי פעלדשער געזאָגט אַז זי מוז פאָרן קיין טויערן (טאָרון), דעמאָלט איז עס געווען אין דייטשלאַנד. עס איז נישט געווען אַזוי ווייט פון דאָבזשין. דער דאָקטאָר זאַפּט — ער איז געווען אַ ספּעציאַליסט אין די זאַכן.

דאָס איז געווען גראָד אין אַ שבת, ווי איר קוזין דוד הערש זאָנאַבענד (זיין זון וווינט היינט צו טאָג אין אשקלון, רפי זאָנאַבענד. דער ברודער זיינער, יחזקאל איז געווען דער ראש העיר פון אשקלון) איז פאַרפאָרן מיט אַ בריטשקע און גענומען די מאַמע און אַוועקגעפאָרן. און מיר, קינדער, איך געדענק עס ווי היינט, מיר זענען נאָכגעלאָפן די בריטשקע מיט טאָפּל געוויין: ווייל די מוטער פאָרט אַוועק און ווייל ס'איז דאָך דער הייליקער שבת... מיר זענען אַזוי לאַנג געלאָפן, ביז מיר זענען מיד געוואָרן און די בריטשקע איז אונדז פאַרשוווּנדן פון די אויגן. דעם עלטסטן ברודער, דוד, האָט עמיצער מיט־גענומען קיין ריפּין צום זיידן און איך מיט מיין עלטערן ברודער בער ז"ל האָט מען איינגעאָרדנט ביי שכנים. די היינטיקע שכנים זענען דאָך אויך אַנדערש, מאָדערן. צי עס איז בעסער אַזוי, — וועגן דעם נעם איך זיך נישט אונטער צו ענטפערן.

דער פאָטער איז אַוועקגעפאָרן אין אַ צווייטער שטאָט וואַנדערן. ס'קאָן זיין צו זיינע קרובים מס־תמא, זוכן פרנסה. אין אַ קורצער צייט אַרום איז די מוטער צוריקגעקומען שוין מיט אַ לעבעדיקער ליאַלקע אין אָרעם. דאָס איז די יינגסטע שוועסטער



דער קוזין דוד־הערש זאָנאַבענד

והיינט וווינט זי מיט איר מאַן אין רמת אליהו. דער עלטסטער זון אירער איז היינט אַ שליח אין מעקסיקאָ מיט אַ פרוי און דריי קינדער, סאַברעס. די

טאָכטער איז אין לאָס־אַנזשעלעס, פּאַרהייראַט און האָט אַ גאָלדן יינגעלע. דער יינגסטער איז דאָ, צו־זאַמען מיט די עלטערן).

ווען די מוטער איז אַביסל געקומען צו זיך — דאַרף מען דאָך זאָרגן פאַר די קינדער. דעם עלטערן ברודער, בער, האָט זי אַוועקגעפירט אין דעם שטעטל בזאָין, היפּש ווייטלעך פון אונדזער שטעטל. דאָרט האָט זי געהאַט אַ פעטער, איך געדענק נישט ווי ער האָט געהייסן. ער איז געווען אַ גוטבאַזיצער. קיין קינדער האָט ער נישט געהאַט. ער איז געווען אַ פרומער, האָט ער צונויפגעזאַמלט פון די נאָענטסטע פאַמיליעס בלויז יינגלעך און ביי אים אין גוט גע־האַלטן זיי אַזוי לאַנג, ביז ער האָט זיי חתונה געמאַכט. ער האָט געהאַלטן אַ ספּעציעלן מלמד זיי צו דערציען און לערנען. ער האָט דאָך זיך געקאָנט דערלויבן, — ר'איז דאָך געווען אַ גוט־באַזיצער.

נו, וואָס איז געווען מיט מיר? די מאַמע האָט מיך גענומען ביי דער האַנט און געפירט מיך אין חדר אַריין. כ'האָב קיין חשק נישט געהאַט צו גיין אין חדר; צווייטנס, האָב איך געהערט אַז דער רבי, הערשל־הויקער האָט מען אים גערופן, שלאָגט שטאַרק. ער האָט געהאַט אַ ווייב, איז זי געווען צוויי מאָל אַזוי הויך ווי ער. זי פלעגט אָפּשפּרעכן „נע־האָרעס". איך האָב געזאָגט דער מאַמען, אַז איך וויל נישט גיין אין דעם חדר, ווייל ער שלאָגט שטאַרק. די מאַמע האָט מיך געטרייסט און מיר געזאָגט, אַז זי וועט אים אָנזאָגן, אַז מיך זאָל ער

נישט שלאָגן. און איך בין איינגעגאַנגען אויף דעם. כ'בין באַלד פאַרבליבן אין חדר. כ'האָב טאַקע געזען ווי אויף אַלע, פאַרשטייט זיך אויף די וואָס האָבן זיך פאַרדינט, פלעגט ער אַראָפּלאָזן זיין קאַנטשיק, אַז עס איז געווען אַ שרעק. און איך בין אָנגעגאַנגען מיט מיינע שטיפערייען. דעם ערשטן טאָג האָט ער מיך געשוינט, ווייל די מאַמע האָט דאָך אים געזאָגט, אַז ער זאָל מיך נישט שלאָגן. און איך בין אַלץ שטאַרקער אָנגעגאַנגען מיט מיינע שטיפערייען. אויפן צווייטן טאָג — די זעלבע שטיפערייען. דאָ האָט מיך שוין אָנגעהויבן דער רבי צו וואָרענען:

— דו, זיץ שטיל!

און איך ווייטער דאָס זעלבע. די מאַמע האָט דאָך אים געזאָגט, אַז מיך זאָל ער נישט שלאָגן. מיט אַ מאָל פּאַץ! דער קאַנטשיק איבער מיר אַזוי, אַז כ'האָב עס דערפילט. דעם זעלבן טאָג בין איך אַהיימ־געקומען מיט אַ געוויין.

— וואָס איז, — פרעגט מיך די מוטער, — וואָס וויינסטו?

זאָג איך: — דער רבי האָט מיך געשלאָגן.

— אַזוי, — זאָגט זי, — אַ ברכה אויף זיינע הענט! פאַר וואָס שלאָגט ער מיך נישט? מסתמא האָסטו עפּעס אָפּגעטאָן. ער האָט דיך באַדאַרפן נאָך שטאַרקער שלאָגן.

און איך זאָג מיט געוויין: — כ'וועל מער נישט גיין אין דעם חדר.

— אַזוי, — זאָגט זי, — דאָס וועלן מיר זען. און איך כאַפּ באַלד אַ פּאָר גוטע פּעטש. דאָס איז געווען

בלויז אַן אַדערויף, וואָרים שלאָגן האָט זי אויך גע־
קענט און נאָך ווי! אַפילו שטויסן מיט די פיס. אַזוי,
אַז אין חדר בין איך שוין נישט געגאַנגען נאָר געלאָפן.
איך האָב מער מורא געהאַט פאַר די קלעפּ פון דער
מאַמען ווי פאַרן רבי׳ן. איך געדענק, אַזוי ווי עס
וואָלט געווען היינט, איך בין געוואָרן עפּעס נישט
מיט אַלעמען. איך בין געווען אַ קליינער, אַ קנופּ־
סיק, אָבער נישט מיאוס. האָט די מוטער ווידער
גענומען מיך ביי דער האַנט און מיט מיר געגאַנגען
אין זעלבן חדר, ווי כ׳האָב שוין פריער געזאָגט, צו
דער פרוי פון רבי׳ן. מען האָט זי גערופן „די רביצין״.
זי איז געווען אַ מייסטערין אויף אָפּצושפּרעכן „נע־
האָרעס״. זי האָט אויסגעזען ווי אַ העלפאַנט — זי
איז געווען איינגעהילט אין אַ שובע (אַ טוך אַזאַ);
אין דער האַנט האָט זי געהאַלטן אַ טעלער מיט
אירע „מכשירים״ צום אָפּשפּרעכן אַ „נעהאָרע״.
דאָרט איז געלעגן אַן עק פון אַ הערינג, אַ גערגעלע
און נאָך אַזעלכענע „כלים״. איך געדענק נישט וואָס.
דאָס אַלץ האָט זי דורכגעפירט אין אַן אַנדער צימער,
קיינער האָט נישט געטאָרט זיין דערביי, נאָר דער
חולה אַליין. זי האָט געזאָגט עפּעס אַ שפּרוך. וואָס?
איך האָב געהערט בלויז ווי זי האָט געפּרעפּלט, אָבער
וואָס, האָב איך נישט פאַרשטאַנען. זי האָט אָפּגע־
טאָן די אַרבעט און מיך צוריקגעגעבן צו דער מוטער.
און מיר זענען אַהיימגעגאַנגען. און עס איז מיר
טאַקע בעסער געוואָרן. אַז איר וועט מיך פרעגן, צי
היינט זענען אויך פאַרהאַנען די זעלבע מופתים וועל
איך ווידער זאָגן: כ׳ווייס נישט.

אַ מאָל איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שריפה אין שטעטל. אויף דער גאָלדענער גאַס. עס איז געווען ליכטיק פון פייער און גלייכצייטיק אַ טרויער, ווייל אויף דער גאַס האָט נישט געוווינט קיין איין גוי. די פייערלעשער האָבן געאַרבעט טאָג און נאַכט און אַלע יידן האָבן מיטגעהאָלפן שלעפּן וואַסער פון טייך, וואָס איז דורכגעפלאָסן אונדזער שטעטל. דער טייך איז געווען די גרענעץ מיט דייטשלאַנד. גאָלוב האָט געהייסן דאָס שטעטל פון דער אַנדערער זייט טייך. עס איז געווען שיין און ריין, אַזוי ווי אין דייטשלאַנד (היינט זאָלן זיי אויסגעמעקט ווערן פאַר דעם וואָס זיי האָבן אונדז געטאָן).

עס איז ביי אונדז געווען אַ ייד, אַ גרויסער גביר, שלאַכטער האָט ער געהייסן. ער האָט דער ערשטער געלאָזט אויפבויען אַ גרויס הויז פון איין שטאָק! אָבער אונטן זענען געווען געשעפטן און אין הויף איז געווען אַ בעקעריי. דעם בעל־הבית פון דער בעקעריי האָט מען אויך גערופן הערשל הויקער. עס האָבן דאָרט געוווינט, איך וועל אויסרעכענען די נעמען פון די וועלכע איך געדענק: ריזש — אַ היטל־מאַכער, פּילוט — האָט דאָרט געהאַט אַ געשעפט פון שפּייז־אַרטיקלען. די מוטער, זי האָט ביי אַלעמען נושא־חן געווען; מען האָט איר פאַרדינגען אַ וווינונג פון צוויי צימערן — דאָס איז געווען אין יענער צייט אַ לוקסוס־וווינונג. און דער בעל־הבית פון הויז האָט אויסגעבויט די וווינונג פאַר זיך. ער האָט געהאַט אַ פרוי — מאַשע האָט זי געהייסן — און צוויי זין. דער עלטערער האָט געהייסן אביגדור און דער יונגע־

רער אפרים־דוד. אונדזער מוטער מיט דער פרוי מאַשע שלאַכטער זענען געוואָרן ווי צוויי שוועסטער, און אפשר נאָך נעענטער. זי האָט מיין מוטער נישט אָפּגעלאָזן — יעדע פרייע מינוט האָט זי געוואָלט, אַז די מוטער זאָל זיין ביי איר. זי איז אויך נישט געווען קיין נאַרישע פרוי. אפשר האָט זי דאָס געבונדן.

מיר זענען געווען נאָך קינדער. איך האָב שוין געהייסן אַ גרויסער. איז אַלע מאָל, אין אַ פרייער צייט, איז מען געגאַנגען צו דער שכנטע און איך, ווי אַ גרויסער, האָב זיך גאָר מחיה געווען. מען האָט מיך מכבד געווען מיט פאַרשידענע זיסוואַרג און גלייכצייטיק האָב איך זיך געוואַרעמט ביים אויוון, וואָרים איך בין דאָך אַ זיבעלע... דאָס איז אפשר געווען די סיבה, וואָס איך האָב אַזוי ליב געהאַט וואַרעמקייט. איך דערמאָן זיך, אַז איין מאָל, שטייענדיק ביים אויוון, בין איך איינגעשלאָפן שטייענדי־קערהייט. פלוצים טראַך! איך בין אומגעפאַלן, אָבער עס האָט מיר חלילה גאָרנישט געשאַדט. נאָר די מאַמע האָט געזאָגט: „אָ, איך מוז גיין, ס'קינד וויל שלאָפן! די צייט שטייט נישט, זי גייט".

מיט דער צייט האָב איך זיך באַפריינדעט מיט דעם אפרים־דוד, ער איז געווען עפּעס עלטער פון מיר, ער האָט מיך אויסגעלערנט שפילן קאָרטן, „אָקע" הייסט די שפיל, — אַז איך האָב שוין גע־קאָנט שפילן האָט ער מיר פאָרגעלייגט, אַז מיר זאָלן שפילן אויף געלט. איך האָב מסכים געווען. פון וואַנען איך האָב גענומען די פאָר גראָשן? כ'געדענק נישט, מסתמא האָב איך געגנבעט ביי דער מאַמען.

אונדזער מעלינע איז געווען ביי הערשל הויקער אין דער בעקעריי אויפן פיעקעליק. מיר האָבן זיך אָפּגע־שטימט, אַז ווען ער וועט געבן אַ פּייף, וועט זיין אַ צייכן, אַז מיר דאַרפן שפּילן. און אַזוי איז טאַקע געווען. עס האָט לאַנג נישט געדויערט די שפּיל. ער האָט שטענדיק געהאַט מער מזל פון מיר. שטענדיק האָט ער מיך „אָפּגעקאָטערט" און אַנטרינען. דאָס האָט אַזוי געדויערט ביז עס איז אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה פון 1914.

מיר, אַ סך יינגלעך אין מיין עלטער, זענען גע־שטאַנען ביים טויער, ווו עס איז געווען די גרענעץ, וואָס האָט אָפּגעטיילט דאָבזשין פון גאָלוב און ווו עס זענען געשטאַנען דייטשע אולאַנער. און פּונקט 12 אַזייגער האָבן זיי מיט די פּיס דורכגעבראָכן די שטאַכעטן און אַריין מיט הורא־געשרייען — מיר נאָך זיי. מיר האָבן צוזאַמען געיובלט פאַר פרייד. ווי אַזוי די פרייד האָט זיך אויסגעלאָזט פאַר אונדז יידן, ווייסן מיר דאָך; עס זאָל פון זיי קיין זכר נישט בלייבן!... עס האָט לאַנג נישט געדויערט און דער עלטערער ברודער, בער, איז אַהיימגעקומען, ווייל די רוסן האָבן דעם פעטער פאַרשלעפּט און פון זיין פאָלוואַרק איז גאָרנישט געבליבן. וואָס עס איז גע־שען מיט אים און זיין פרוי, ווייס איך נישט. מסתמא האָט מען זיי אומגעבראַכט. אַזוי ווי מען וויל אונדז היינט אומברענגען. היינט האָבן מיר אָבער דעם כוח צו זאָגן לא מיט אַ גרויסן אלף!

נו, זענען מיר שוין געווען דריי קינדער צוזאַמען. אָבער די נויט איז נישט געלינדערט געוואָרן. איך

בין דאָך שוין געווען אַ גרויסער, איך האָב שוין אָנגעהויבן זוכן וועגן זיך צו העלפן און אפשר אויך דער מאַמען, אַז עס זאָל ווערן גרינגער. איך האָב זיך אַלע מאָל אין פרייער צייט געשפּילט ביים וואַסער, און געווען שוין אַ ביסעלע אַ גוטער שווימער, און ווינטער, ווען דאָס וואַסער איז געפרוירן געוואָרן, בין איך געווען אַ גוטער ליזשוון־גליטשער. איין מאָל באַמערק איך ווי גרויסע בחורים זוכן וועגן זיך אויסצובאַהאַלטן פאַר די יינגלעך און שוואַרצן זיך אַריבער אויף דער אַנדערער זייט, קיין גאָלוב. איך נאָך זיי. איך באַמערק, ווו זיי גייען אַריין. פּלוצים דרייען זיי זיך אויס, און באַמערקן מיך. זיי לאָזן זיך צו מיר און שרייען: „דו שטינקער! ווו קריכסטו?"

איך דריי זיך אויס און אַנטלויף הענדום־פּענדום אַהיים און זאָג דער מוטער: „באָרג מיר איין מאַרק; איך וועל פאַרדינען געלט". זי האָט קיין טענהס נישט געמאַכט און מיר געגעבן אַ מאַרק. איך בין אַוועק צוריק דאָרט, ווו די חברה זענען אַריין. איך זע, אַז דאָ איז אַ פאַבריק פון פּאַפּיראָסן. און דאָס טאַקע האָט געפעלט ביי אונדז אין שטעטל. איך קויף איין פאַר דעם מאַרק, און לויף צוריק. איך זעץ עס אָפּ און פאַרדין געגנוי די העלפט קרן. איך לאָז זיך באַלד לויפן צוריק — און לויפן האָב איך געקענט, כאָטש איך האָב געהאַט קורצע פיס און בכלל אַ קליינער קנופּסיק, אַזוי ווי אַ זיבעלע. וואָס וועל איך דאָ לאַנג בריינען? ביזן אָוונט האָב איך שוין געהאַט מער ווי דאָפּלט.

ביינאַכט גיב איך צוריק דעם מאַרק און איך אַרבעט שוין מיט „אייגענעם קאַפּיטאַל". איך האָב שוין אָנגעהויבן האַנדלען מיט אַנדערע אַרטיקלען אויך. אַזוי, אַז אין אַ פּאָר טעג האָב איך שוין געהאַט אַ שיינעם „קאַפּיטאַל" פון עטלעכע מאַרק.

די מוטער האָט געזען, אַז דער קאַפּיטאַל ביי מיר וואַקסט, זאָגט זי צו מיר: „זישע, נעם מיט בערן".

— גוט, — זאָג איך, — זאָל ער מיטגיין, וועלן מיר אַרבעטן צוזאַמען — איך האָב זיך שוין געפילט מעשה באַלעבאָס. קאָמאַנדעוועט; גיי, שטיי, זיך געמאַכט אינטערעסאַנט. איך בין דאָך געווען ייִנגער פון אים מיט 2 יאָר. אָבער ער האָט אויסגעפירט אַלע מיינע באַפעלן.

מען האָט זיך געמוזט היטן — מען איז דאָך עפּעס געווען שמוגלער. עס איז טאַקע געווען אַ פאַר־אָרדענונג אין דעם גאָלוב, אַז מען טאָר נישט פאַר־קויפן קיין שום סחורה דעם צד שכנגד ד. ה. די „רוסן". און אויב מ׳האָט עמיצן געכאַפּט מיט וואָס פאַר אַ סחורה ס׳זאָל זיין, האָבן זיי נאָר געוואָלט וויסן, ווו מען האָט געקויפט. און דאָס האָט מען געמוזט אויסמיידן, ווייל זיי וואָלטן מערער נישט פאַרקויפט קיין סחורה, ווייל זיי זענען באַשטראָפט געוואָרן פאַרן פאַרקויפן.

איין מאָל האָט זיך געמאַכט, — דאָס איז געווען ערב־פּורים, — האָט מען איינגעקויפט פיש. יעדער האָט געשלעפּט 20 קילאָ. עס איז געווען אַ שווערע

משא פאַר אַזעלכע יאַטלעך ווי מיר זענען געווען.
און די גרענעץ־וואַך האָט אונדז געפּוצט.

— אוי, שלעכט! — האָב איך אָנגעהויבן וויינען.
— הערקעלעבן, נעמען זי די פיש און לאָזן זי אונדז
פריי!...

עס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אַ סך מענטשן —
דעמאָלט זענען זיי נאָך געווען מענטשן — זיי קוקן
אויף אונדז מיט מיטלייד. און איך האָב פאַרשטאַנען,
אַז זיי ווילן אונדז העלפן. גיב איך אַ זאָג צום
ברודער: „צערייס דאָס פּאַפּיר, אַז די פיש זאָלן זיך
צעשיטן". און ביידע האָבן מיר אַזוי געטאָן. די פיש
האָבן זיך געגעבן אַ צעשיט. דער זשאַנדאַרם האָט
אָנגעהויבן צונויפצונעמען און מיט אַ ברומענדיקער
שטימע האָט ער געזאָגט: דאָנערוועטער! די מענטשן
אַרום האָבן אים כלומרשט צוגעהאָלפן צונויפנעמען
די פיש און מיר האָבן פאַרקאַטשעט די פּאָלעס פון
די כאַלאַטלעך און מיר האָבן געשטעלט פיס! ער
האָט אונדז געפּרוּווט נאָכיאָגן, אָבער מיר זענען געווען
פלינקער פון אים און מיר זענען אַנטרינען. עס איז
דאָך געגאַנגען אין דעם. אַ כפרה די פּאָר מאַרק, אַבי
מען האָט אונדז נישט געכאַפּט. ווען זיי כאַפּן אונדז,
מוז מען דאָך אויסגעבן, ווו מיר האָבן געקויפט. עס
איז טאַקע דאָרט אין צאָל־אַמט געהאָנגען אַ מודעה,
אַז מען פאַרקויפט ביליק פיש. דאָס זענען טאַקע
געווען אונדזערע פיש. מיר זענען ווייטער אָנגעגאַנגען
מיט דער שמוגלעריי.

ווען מיר זענען אויף צומאָרגנס געקומען אין דעם
זעלבן געשעפט ווו מיר האָבן געקויפט די פיש, האָט

דער באַלעבאָס אונדז געקלאַפּט אין פּלייצע און צוגעגעבן: איר זייט גוטע בורשן... (ד. ה. גוטע יינגלעך) ווייל ער האָט געוווּסט, אַז ווען מען וואָלט אויסגעגעבן ביי ווּעמען מען האָט געקויפט, וואָלט ער באַדאַרפט באַצאָלן אַ גרויסע שטראָף.

נאָך אַן עפּיזאָד. דאָס איז געווען זומער, ווען מען פלעגט זיך באָדן. דאָ בין איך שוין געווען איינער אַליין. איך האָב זיך אויסגעטאָן נאַקעט, גענומען מיט זיך בלויז ס'כאַלאַטל מיט דעם היטל — וועלכער ייד איז אין יענער צייט געגאַנגען אָן אַ היטל? — און זיך געלאָזט אין וואַסער אַריין, מיט די בגדים אויפן קאָפּ. דער טייך האָט געהאַט געוויסע פּלעצער, ווו מען האָט געקאָנט דורכגיין, אָן צו שווימען. נאָר אַזוי ווי דער טייך איז געווען אַ לויפנדיקער, פלעגט עס אַמאָל פאַרפירן אויף אַ טיפעניש. דאַן האָט מען געדאַרפט שווימען און דאָס האָב איך דאָך געקענט. נישט געווען קיין מניעה. איך האָב זיך אָפּגעפינען אַ דייטשע פאַמיליע, טאַקע נעבן וואַסער און מיט זיי געמאַכט אַ „טראַנזאַקציע": זיי זאָלן מיר איינקויפן סחורה, ווי פּאַפּיראָסן, צוקער און אַנדערע אַרטיק־לען. איך האָב זיי געגעבן געלט אויף דעם אַלעמען און זיי באַצאָלט פאַר זייער טרחה.

איין מאָל האָט זיך די פּאָליציי פון גאָלוב גע־געבן חשבון, אַז דער מענטש איז עפּעס פאַרדעכטיקט, ווייל ער גייט מיטן קויבער צו אָפּט. מען האָט אים אָנגעהויבן נאָכשפּיאָנירן און נאָכצוגיין. דער מענטש האָט עס באַמערקט און איז אַריין אין שטוב ווו

איך האָב געוואַרט. אַז ער זאָל ברענגען די סחורה. ער האָט קוים באַוויזן אָפּצוהויבן די דעק פון בעט און באַהאַלטן די סחורה. אין דעם מאָמענט איז אַריין דער זשאַנדאַרם און האָט באַמערקט ווי ער האָט באַהאַלטן די סחורה. פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב אָנגעהויבן ציטערן, אַז ער וועט מיך מיטנעמען. ער האָט געהאַלטן אין איין זוכן מיט דער האָפנונג צו געפינען נאָך סחורה. צו מיין מזל האָט ער זיך אַראָפּגעבויגן זוכן אונטערן בעט. און איך טראַכט נישט קיין סך — קיין סך צייט האָב איך דאָך נישט געהאַט, — און פראַל אויף די טיר — עס איז געווען אויפן ערשטן שטאָק. מיט איין שפרונג בין איך אַראַפּ פון די טרעפּ און זיך געלאָזט לויפן צום וואַסער. ער נאָך מיר, מיט אַ שפּיצרוט אין האַנט. איך, לויפנדיק, האָב אַראָפּגעצויגן דאָס כאַלאַטל און אַריינגעשפרונגען אין טייך, ווו זיין שפּיצרוט האָט מיך שוין נישט דערגרייכט. איך בין בשלום אַריבער אויפן צווייטן ברעג.

— אַ כפרה די סחורה, — האָב איך געטראַכט, — אבי מיך האָט מען נישט געכאַפּט...

כ'האָב זיך, שוין אויף אונדזער זייט, אַביסל אָפּגערוט און זיך געלאָזט אַהיימגיין. מיט אַ מאָל, כ'גיב אַ קוק — דער זעלבער זשאַנדאַרם אין דער באַגלייטונג פון אַ פּאָליציאַנט פון אונדזער שטעטל מאַרשירן. איך בין דאָך שוין דעמאָלט געווען אַ היפשער בחור, אָבער ווי איך האָב פריער געזאָגט, אַ קליינטשיקער. איך בין דאָך געווען אַ זיבעלע... אָבער געראָדערט האָב איך מער ווי אַ גרויסער. איך

האָב פאַרשטאַנען, אַז זיי זוכן מיך. און אַזוי איז טאַקע געווען. די מוטער מיינע האָט עס מיר דער נאָך איבערגעגעבן.

זיי האָבן אָנגעקלאַפּט אין טיר, די מאַמע האָט געזאָגט: אַריין. דאָס זענען טאַקע געווען דער זשאַנ־דאַרם מיטן פּאָליציאַנט.

— וואָס איז? — פרעגט די מוטער און דער זשאַנדאַרם ענטפערט אויף דייטש:

— וואָ איסט אייער זאָן?

מיין מאַמע איז נישט געווען קיין נאַרישע פרוי, האָט זי געענטפערט, פאַרשטייט זיך, אויך אין „דייטש":

— מיין זאָן? איך האָב ניכט קיין זאָן. איך האָב דריי קליינע קינדער.

— זאָ, — זאָגט ער, — איינער איסט דאָך איין שמוגלער...

— זאָ, — זאָגט די מאַמע, — איך וויס דאַפאָן ניכט...

— יאַ, — זאָגט דער זשאַנדאַרם, — איך האַבע אים געגריפן...

— זאָ, — זאָגט די מאַמע, — האָבען זי אים געזאָלט האַלטן...

— יאַ, — זאָגט ער, — אָבער ער איסט מיר אוסגערוקט...

— וואָס בין איך דאַן שולדיק...

ער האָט געזען, אַז ער קאָן דאָ גאָרנישט פועלן, האָט ער אָפּגעווישט ס'מויל און איז אַוועק. און אַז איך האָב דערזען, אַז זיי זענען אַוועק, בין איך אַריין

אין שטוב. די מוטער האָט מיר דערציילט דעם פאַר־לויף פון איר געשפּרעך מיטן זשאַנדאַרם. מיר האָבן זיך ביידע צעלאַכט.

אינעם שטעטל האָט מען מיך גערופן „רבקה דער שניידערינס ייִנגל״, זישע מיכאל־קאַרפּאַלע־פּרעסער. קאַרפּאַל, איז געווען אַ בוראַק אַזאַ, וואָס מען פלעגט דערפון מאַכן צוקער. איך האָב דאָס טאַקע געגעסן, אָבער נישט פאַר לוקסוס, נאָר פאַר הונגער.

אין 1915 יאָר זאָגט די מוטער:

— מיר וועלן זיך ציען קיין ריפּין צום זיידן, ד. ה. צום פאָטער פון מיין מאַמען. דער זיידע האָט אין יענער צייט געהאַט די צווייטע פרוי ד. ה. מיין שטיף־באָבע. וועגן דער באָבע, דאָס הייסט מיין מוטערס מאַמע, פלעגט ער אונדז שטענדיק דערציילן מעשה־לעך. צי עס זענען היינט פאַראַן אַזעלכע באָבעס ווי איך האָב געהאַט, לויט די דערציילונגען, — ווייס איך נישט.

ווען מיין פאָטער איז אַוועק — איז ער שוין מער נישט צוריקגעקומען. די מוטער האָט געזאָגט, אַז זי האָט דערהאַלטן אַ קאַרטל פון דער קהילה פון אַ געוויסן שטעטל אַז דער פאָטער איז געשטאָרבן.

מיר, די מאַמע מיט די דריי קינדער, זענען פאַר־פאָרן צום זיידן. די מאַמע איז געווען זייער ענערגיש. זי איז גלייך אַרויס זוכן אַ וווינונג און באַלד גע־פונען. דאָס איז געווען אין דער שול־גאַס. דער באַלע־באָס איז געווען אַ רעזירער און פעלדשער, געהאַט

צוויי זין. איינער פון די זין האָט שטודירט אין וואַרשע מעדיצין. אין יענער צייט שטודירן אין וואַרשע — האָט מען געמוזט זיין אַ גביר. און ער איז עס טאַקע געווען. אַ גרויס הויז, — די שילדע־רונג פון הויז וואָלט פאַרנומען צופיל פלאַץ. און אין דעם הויז האָט די מוטער געדונגען איין צימער אָן אַ קוך. דאָרט איז אויך געשטאַנען די ניי־מאַשין, וואָרים פון דעם האָט די מאַמע מפרנס געווען זיך מיט די דריי קינדער. זי האָט באַלד געקראָגן אַרבעט. זי האָט נאָר געמאַכט אויסשטייערן פאַר כלות. עס פלעגן קומען מיידלעך זיך צו לערנען דאָס פאַך און זיי האָבן נאָר געוואָלט לערנען ביי דער פרוי רבקה. נאָר קיין סך אָרט איז נישט געווען. ווען עס וואָלט געווען מער פלאַץ, וואָלט די מאַמע געקענט פאַר־וואַנדלען ס׳וואַרשטאַטל אין אַ פאַבריקל, נישט לויט די היינטיקע באַגריפן, פאַרשטייט זיך. די לערן־מיידלעך האָבן גלייכצייטיק געהאָלפן אין שטוב, — געשאַרט די פאָדלאָגעס, געטאָן אַלץ, גענייט און געפוצט, אַזוי, אַז אַלץ האָט געבלאַנקט, און זיי האָבן נאָך באַוויזן צו פאַרשפּילן מיין שוועסטערל, — זי איז דאַן נאָך געווען אַ קינד. איך און דער ברודער זענען שוין געווען „גרויסע". האָט מען באַשלאָסן, אַז מיר זאָלן זיך שטעלן אין מאַרק און האַנדלען מיט שפּילצייג. איך האָב דאָך נאָך געהאַט אַ פּאָר מאַרק אָפּגעשפּאָרטע פון מיין שמוגלעריי. דאָס גע־שעפט האָט געבליט. אָבער קיין פּרנסה איז נישט געווען. די בוכהאַלטעריע האָט געפירט דער זיידע. מיר האָבן געוווינט נאָענט פון אים אַ 20—30 מעטער.

אַזוי, אַז מען איז געווען אין שטוב און ביים זיידן. דער עלטסטער ברודער דוד איז דאָרט דערצויגן געוואָרן און נישט אָפּגעטראָטן דעם זיידן. אפשר האָבן אים צוגעשמידט צום זיידן די מעשהלעך, וואָס ער פלעגט דערציילן.

אין דעם זעלבן הויז, וווּ עס האָט געוווינט דער זיידע, האָט אויך געוווינט אַן אלמנה מיט אַן איינ־ציקער טאָכטער. דאָס מיידעלע איז געווען אומגעפער אין מיין עלטער, יינגער — זיכער נישט. מאַכט זיך אַ מעשה, אַז עס קומט אָן אין שטעטל אַ טרופּע אַקטיאָרן. זיי האָבן געגעבן אַ פאָרשטעלונג וועגן בייליס'עס פּראָצעס. ווער, וואָס, ווען, — געדענק איך נישט. איך שרייב נאָר וואָס איך געדענק. דער זיידע האָט געוווינט אויפן ערשטן שטאָק; מאַכט זיך אַ מעשה, אַז דאָס מיידל באַגעגנט מיך און זאָגט:

— גיבן זי מיר אַ בילעט וועל איך אויך גיין אין טעאַטער. — זי האָט דאָך מיך געקענט פאַר אַ גביר...

— גוט — זאָג איך — איך וועל זען... און איך האָב באַשלאָסן צו קויפן אויך פאַר איר אַ בילעט. וויאַזוי אָבער גיט מען איר דעם בילעט? פערזענלעך האָט דאָך עפּעס נישט געפּאַסט. האָב איך אָפּגעוואַרט אויף די טרעפּ, אַז זי זאָל אַדורכגיין וועל איך איר געבן דעם בילעט. און אַזוי איז טאַקע געווען. ווען זי איז אַדורכגעגאַנגען, האָב איך אַ געשריי געטאָן:

— דאָ האָבן זי דעם בילעט... און אים אַראָפּ־געוואָרפן. איך האָב נישט געהאַט קיין העזה אַן אשה צו געבן אין דער האַנט אַריין... דעריבער האָב איך אים אַראָפּגעוואָרפן.

מיר האָבן זיך אין טעאַטער נישט באַגעגנט. זי האָט עס אפשר אויך אויסגעמיטן, אַז מיר זאָלן זיך באַגעגענען מיט די בליקן. דאָס איז געווען מיין ערשטער ראָמאַן. איך גלויב, אַז ביי איר מער, ווי ביי מיר. נאָר איך האָב פאַר דער „ליבע" טייער באַצאָלט. כ׳גיי אַהיים צום זיידן, ווו איך פלעג שלאָפן, פרעגט ער מיך:

— וואָס עפּעס אַזוי שפּעט?

איך האָב שוין געפינען אַ תירוץ. דערנאָך זאָגט ער:

— לויטן היינטיקן לייזעכץ, פעלט געלט...

כ׳בין געוואָרן בלאַס און אָנגעהויבן מורמלען. און דער זיידע האָט „געצויגן" ביז איך בין אַרויס מיט לשון. מיטן אמת:

— איך האָב געקויפט אַ בילעט אין טעאַטער פאַר דער שכנהס מיידל...

דאָ האָט זיך דער זיידע צעלאָזט און מיר מקיים פּסק געווען, געקנאַקט, — שלאָגן האָט ער געקאָנט נאָך בעסער ווי מיין מאַמע — און ער גיט נאָך אַרויס אַ פּסק, איך זאָל שוין אַראָפּגיין און אָפּנעמען ס׳געלט פאַרן בילעט.

— ס׳איז שוין שפּעט, זיידע, — זאָג איך... און אַזוי ווי ער האָט זיך צו מיר דערנענטערט האָב איך זיך געלאָזט לויפן צו דער שכנה, ווייל כ׳האָב גע־וווּסט מיט וואָס ס׳שמעקט.

איך קלאַפּ אָן, עפנט מיר די טיר די שכנה. זי

איז שוין געשטאַנען אין נאַכט־העמד. זי האָט מיך געפרעגט:

— וואָס איז געשען?

און איך, מיט טרערן אין די אויגן, זאָג איר, זי זאָל מיר צוריקגעבן ס׳געלט פאַרן בילעט, וואָס איך האָב געקויפט פאַר איר טאָכטער.

— איך האָב דיר געהייסן קויפן? דו שטינקער!

— האָט זי מיר געזאָגט און פאַרהאַקט די טיר. איך האָב זיך נעבעך בחרפתנו צוריקגעקערט און איבער־געגעבן די תשובה וואָס מען האָט מיר געענטפערט.

צומאָרגנס האָט זיך אָנגעהויבן די „שלאַכט", צווישן דעם זיידן און דער אלמנה. ווי אַזוי די „שלאַכט" האָט זיך געענדיקט, געדענק איך נישט.

אין אַ געוויסן טאָג, פון אַרומלויפן, בין איך אַריין צום זיידן. מיר האָבן אַלע ליב געהאַט דעם זיידן, כאָטש ער האָט אונדז פון צייט צו צייט גוט געקאַטעוועט. איך נעם די שעפּ. וואָס איז געהאָנגען איבערן פאַס פון וואַסער, און אַזוי טרינקענדיק, כאַפּ איך פון זיידן אַזאַ פליאַסק, אונטנאַרימער, אַז איך האָב דערזען די עלטער־באָבע.

— דו זולל וסובא, — זאָגט ער, — אַזוי טרינקט אַ ייד? אָן אַ ברכה און מיט איין צי, און איבערן פאַס? ס׳קאָן דאָך צוריק אַראָפּרינען אין פאַס אַריין!...

— אָ, — האָב איך מיר געטראַכט, — דאָס גע־הערט שוין צו היגיענע. אמת, מיט דער צייט האָב איך געטראַכט און דערטראַכט זיך אָפּצוטאָן דעם זיידן אַ „שפּיצל". איך האָב באַשלאָסן צו גיין צו

ביניש פלאָצקער לערנען זיך שניידעריי. ר׳ ביניש איז געווען פון פלאָצק און געהייסן פלאָצקער. ער האָט מיך גוט געקענט. ער איז געווען דוכט זיך אַ שטיקל קרוב. און איך זאָג אים:

— פאַניע ביניש, איך וויל זיך לערנען ביי אייך שניידעריי.

— מיטן שענסטן פאַרגעניגן, — האָט ער מיר געענטפערט, — דו קאָנסט שוין דאָ פאַרבלייבן.

— אוי, גוט, — טראַכט איך, — אָט איז די נקמה אין זיידן, פאַר די פעטש וואָס ער האָט מיך „געמקלט". אַ שניידער איז צו יענער צייט געווען אַ פלעק אין דער משפחה. און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שווערע צייט פאַר מיר. דער מאַמעס שוועסטערן צוזאַמען מיטן זיידן האָבן אָנגעהויבן שרייען: „אַזאַ אַלטער יינג!" אמת, איך בין שוין געווען איבער 13 יאָר אַלט. אין יענער צייט האָט מען אָנגעהויבן צו לערנען אַ פאַך ביי 7—8 יאָר. מען האָט אָנגעהויבן די לערע פון האַקן האָלץ, טראָגן די פאָמישעפער, ניאַנטשען די קינדער; מען האָט אָפּגעשקלאַפּט אַ פּאָר יאָר, ביז מען האָט אָנגעהויבן אויף אַן אמת צו לערנען ס׳פאַך.

איך האָב זיך פאַרקלאָגט פאַרן מייסטער, ר׳ ביניש, אויף די פאַרפאָלגונגען מצד מיין משפחה. די מאַמע האָט געשוויגן. זי האָט געוווסט, אַז איך גיי אויפן ריכטיקן וועג. מיר האָבן אַלע מאָל געהאַט מיט איר אַ געמיינזאַמע שפּראַך. און דער מייסטער זאָגט מיר די ווערטער:

— פייף אויף זיי, אויב דו ווילסט שלאָפן ביי מיר, איז מיטן גרעסטן פאַרגעניגן...

און איך בין טאַקע באַלד פאַרבליבן. ער האָט מיך נאָר געבעטן איין זאַך: אַז אַלע פאַר נאַכט דאַרף איך אים ברענגען פרישע מילך, גלייך פון דער קו. עס איז געווען צו גיין אַ 2 אָדער 3 קילאָמעטער. היינט פאַרשטיי איך: מסתמא איז דאָס געווען נויטיק פאַר זיין געזונט.

— מיטן שענסטן פאַרגעניגן, — האָב איך געזאָגט, — און איך האָב עס געטאָן פון גאַנצן האַרצן, ווייל ער האָט עס כשר פאַרדינט.

ער האָט געוווינט ביי סמאָלינסקין, דעם זייגער־מאַכער. די ריפינער האָבן אים גוט געקענט. אגב אורחא, די ריפינער זענען געווען פון די ערשטע גרינדער פון „סולל בונה" דאָ אין ישראל.

אין שטעטל געווען אַ ייד מיטן נאָמען בייזער, — ער האָט געהאַט אַ מאַנופאַקטור־געשעפט. ביי אים אין קעלער האָט געוווינט אַ שיקסע מיטן נאָמען מיכאַלינאַ. זי האָט גערעדט אַ גוטן יידיש, אַזוי ווי אַ סך גויים אין די קליינע שטעטלעך. איך האָב געקענט די שיקסע ווען כ'בין נאָך געווען גאָט די נשמה שולדיק. זי האָט נישט געזוכט אַזעלכע קנופּסן, זי האָט געזוכט „העכט", אַז זי זאָל קאָנען אָפּלעקן אַ ביינדל, ווי מען זאָגט. און אַזעלכע „העכט" זענען אין יענער צייט אויך געווען, כאָטש נישט אַזוי אָפט ווי היינט. זי האָט געפּאַקט אַ „העכט". איך האָב אים געקענט מיט זיין משפחה. ער האָט געהאַט דריי קינדער — לאָמיר אים אָנרופן מיטן נאָמען

משה. זי האָט אים געפּוצט צו זיך אין צימער. ער האָט זיך געמאַכט באַקוועם, אויסגעטאָן דאָס פּעלצל, מסתמא האָט ער געהאַט אַ הנאה. פיין, גוט, ער טוט זיך אָן דערנאָך ס'פּעלצל און וויל אַרויסנעמען דעם טייסטער, מאַכט ער אַ געוואַלד:

— אוי־אוי! ווו איז דער טייסטער?!

און זי ענטפערט אים זייער רויק:

— וואָס ווייס איך?... איך בין דאָך נאָר גע־ווען מיט דיר...

ער האָט געטענהט, מסתמא איז דאָרט געווען אַזוי איינגעאָרדנט, אַז עמיצער האָט דערווייל בודק געווען די קעשענעס. זיי האָבן זיך אַזוי געקריגט, ביז דער באַלעבאָס האָט דערהערט די קולות. ער נעמט אַ ליכט, קריכט אַראָפּ זען וואָס טוט זיך דאָרט אין קעלער, ווער קריגט זיך דאָס דאָרט. ער גיט אַ קוק און דערזעט דעם משהן. פרעגט ער אים:

— וואָס טוסט דו דאָ?

פאַרשטעלט אים באַלד די שיקסע מיכאַלינאַ און זאָגט:

— באַלעבאָס־לעבן, ער זאָגט אַז איך האָב אים צוגעגנבעט דעם טייסטער מיט געלט. זאָג איך, דיר נישט קיין שאַנדע, מיר נישט קיין שאַנדע, לאָמיר גיין צום רב.

גאַנץ ריפּין איז געגאַנגען כאָדאָראָם. אַז צוויי מענטשן האָבן זיך באַגעגנט האָבן זיי איבערגעחזרט דאָס ווערטל: „דיר נישט קיין שאַנדע, מיר נישט קיין שאַנדע, — לאָמיר גיין צום רב!"...

און איך האָב ווייטער געלערנט פלייסיק שניי־דעריי. מערער זיך צוגעקוקט, וואָרים איך האָב געמיינט, אַז פון צוקוקן קאָן מען זיך אויך עפּעס אויסלערנען. אַז איך האָב שוין געקאָנט מאַכן אַ פּאָר הויזן, האָב איך זיך גוט צוגעקוקט ווי אַזוי מען נייט אַ וועסטל. וואָרים אַמאָליקע צייטן איז אין די קליינע שטעטלעך נישט געווען פאַרהאַנען אַז מען זאָל אַרויסגעבן מאַכן אין דרויסן: אַלץ האָט מען געמאַכט אין דעם זעלבן וואַרשטאַט. איך האָב זיך געיאָגט, וואָס שנעלער, שנעלער אויסלערנען די „תורה" פון שניידעריי. איך בין אַוועק פון ביינישן, נישט חלילה צוליב שלעכטקייט, איך בין געגאַנגען צו אַ צווייטן שניידער — ער האָט געווינט אין דער ליק־גאַס. ער איז געווען אַ שטומער. זיין פרוי איז געווען די פאַרטייטשערין — זי האָט פאַרשטאַנען שטום־לשון. און איך פרעג, צי מען דאַרף אַ הויזן־וועסט־אַרבעטער? זאָגט זי יאָ. און מען גיט מיר באַלד צו מאַכן אַ וועסטל. איך האָב דאָך שוין דאָס געקאָנט מאַכן, פון צוקוקן. מיט מי האָב איך זיך געפּאָרעט דערביי. איך ניי אָן די פּעטלעך פונעם וועסטל. פּיק עס אויף — דאָ האָב איך אָנגעווענדעט מיין חכמה. איך האָב אויפגעפּיקט און בייג איבער די פּעטלעך... אוי אַ בראָך! איך האָב געפּיקט פאַרקערט. עס איז אַרויס מיט לעכער. איך ווייז דעם באַלעבאָס דאָס אומגליק און ער האָט אָנגעהויבן צו רעווען, ביז עס האָט אים דערהערט די באַלעבאָסטע און געקומען צולויפן אַ דערשראָקענע.

— וואָס איז געשען? — פרעגט זי אים אויף

שטום־לשון. און ער ווייזט איר וואָס איך האָב געטאָן. מען האָט דאָס אומגליק געקאָנט ראַטעווען, מען האָט נאָר באַדאַרפט מאַכן גרעסערע קעשינקעס. צי ער האָט געהאַט נאָך סחורה, ווייס איך נישט. וואָרים אַ שניידער נעמט פינקטלעך סחורה, אַז ס'זאָל אים נישט איבערבלייבן. נו, דאָס איז שוין אַ שניידערישער ענין. מען האָט מיר באַלד געוויזן די טיר און איך בין אַוועק... איך האָב זיך חלילה נישט געשראָקן, דאָס האָט ביי מיר קיין מאָל נישט פּאַסירט, — און באַלד געגאַנגען צו אַ צווייטן. ער האָט געהייסן סאַדאָווסקי. די ריפּינער פון מיין דור האָבן אים געקענט. ער איז געווען אַ קליין יידל, אַ קרעמפּאַסטער. כסדר געהוסט און געשפּיגן. יעדער אין שטעטל האָט געהאַט עפּעס אַן אַבערגלויבן. ער האָט געהאַט אַן אַבערגלויבן, אַז ווען ער איז געגאַנגען אָפּטראָגן אַ שטיקל אַרבעט צו אַ קליענט, האָט ער אַוועקגעלייגט דעם אָנצוג אויף דר'ערד, אַזוי, אַז ס'זאָל אויסקומען ווי אַ טויטער, מיט די פיס צו דער טיר. ער איז דריי מאָל אים אַרומגעגאַנגען, אויפגעהויבן דעם אָנצוג, גוט אים אָפּגעפּוצט, פאַרלייגט אים אויף דער האַנט און געגעבן אַ געשריי: „שרה, איך גיי!" און זי האָט אים געענטפערט: „מיטן רעכטן פוס!" און ער פלעגט מיטן גאַנצן כוח אַוועקשטעלן דעם רעכטן פוס און לאָזן זיך גיין.

איך האָב אָפּגעמאַכט אַזוי ווי היינט אַ קאָנטראַקט, — אויפן וואָרט איז געווען גענוג, — אַז איך וועל עסן ביי אים פרישטיק. גוט, געמאַכט די „טראַנזאַקציע". דאָס ווייב זיינס האָט מען גערופן

„אַ פליגיקע״ — איר ווייסט דאָך, אין די קליינע שטעטלעך האָט יעדער געהאַט אַ צונאָמען. זי האָט מיר דערלאַנגט דאָס פרישטיק. עס איז באַשטאַנען פון צוויי זעמל מיט פוטער און אַ קאַווע. איך האָב געגעסן מיט אַפעטיט — עס האָט מיר זייער גוט געשמעקט. איך בין געווען אַן איידל יינגל: פון צוליב דרך־ארץ פלעג איך איבערלאָזן אַ האַלבע זעמל. אויף צומאָרגנס, גיט זי מיר דאָס זעלבע עסן, נאָר אַנשטאָט צוויי זעמל, גיט זי מיר נאָר אָנדערהאַלבן. שפּייען אין דער קאַשע האָב איך זיך קיין מאָל נישט געלאָזט. פרעג איך זי:

— באַלעבאָסטישי, פאַר וואָס גיט איר מיר נאָר אָנדערהאַלבן זעמל? איר דאַרפט דאָך געבן 2 זעמל.

— איך בין נישט מחוייב צו עסן — ענטפערט זי — דאָס וואָס דו לאָזט איבער... און גאָטס גאָב וואַרפט מען נישט אַרויס.

— אויב אַזוי, — זאָג איך — זאָלט איר מיר צוריק געבן די צוויי זעמל. און דאָס מאָל האָב איך שוין אויפגעגעסן אָן איבערצולאָזן פאַר דרך־ארץ.

יאָ, פאַר וואָס האָט מען זי גערופן „פליגיקע״? אין אַזוי די מעשה: נאָך פורים זאָרגט מען שוין אויף פסח, מען האַנדלט איין פאַרשידענע פראָדוקטן, אַלץ וואָס איז נויטיק אויף פסח. איין מאָל, ברענגט זי צו שלעפּן אַ קויש אייער. זי האָט זיך אַלע מאָל געאיילט. אויף דער וואַנט איז געשטאַנען אַ פליג און זי האָט געמיינט, אַז דאָס איז אַ נאָגל. זי האָט נישט גוט געזען. האָט זי געגעבן אַ הענג אויף דעם

קויש מיט די אייער און טראַסק! די אייער אויפן פּאָל. עס איז געוואָרן אַ גאַנצע יאַיעטשניצע.

דאַטעס געדענק איך נישט. איך געדענק נאָר דעם אַרויספאָר אין אַנדערע שטעט צו אַרבעטן. איך האָב אויך געלערנט שניידעריי וואַנדערנדיק. דאָס ערשטע שטעטל איז געווען מאָגילנאָ, פּאָמערן. דאָרט איז געווען חזן דער מוטערס קוזין, דוד הערש, וועגן וועלכן איך האָב פריער דערמאָנט, אַז ער האָט באַגלייט די מוטער קיין טויערן. איך האָב דאָך נאָר געדאַרפט האָבן אַן אַדרעס ווו אַריינצוגיין מיט מיין קויבערל. די מוטער האָט מיר אָנגעוויזן אויף דעם שטעטל און זי האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז אַ גוטער מענטש. איך געדענק אים אַזוי ווי איצט. ער איז געווען פאַרהייראַט, געהאַט אַ פרוי און דריי קינדער: רפי און אַ שוועסטער נאַני וווינען היינט אין אשקלון. דער עלטסטער זון איזי וווינט אין אויסטראַליע.

מיין עלטסטער ברודער דוד האָט עפּעס דער־שמעקט, אַז איך בין אַראָפּ פון „גלייכן וועג", פון דרך הישר און האָט מיך אָנגעהויבן צו היטן און נאָכשפּיאָנירן, ווייל אַלע אין דער פרי פלעג איך נעמען די תפילין און גיין אין בית המדרש אַריין דאַוונען. איך בין שוין טאַקע אין יענער צייט געהאַט „אַראָפּ פון וועג" — שוין נישט געדאַוונט, גייענדיק שטענדיק דעם מאַרשרוט האָב איך זיך פאַרקערעוועט און אַריינגעגאַנגען אין דער צייט פון דאַוונען צו איינעם מנשה בלאַכאַזש, אַ בונדיסט. ער האָט געהאַט אַ פרוי און דריי קינדער. ער איז



דער קוזין דוד הערש, זיין פרוי
און די באָבע שרה לאה

געוועזן דער ערשטער אין שטעטל בעת אומרויקע
צייטן. ער פלעגט שטענדיק טראָגן ביי זיך אַ העקל

— טאָמער ווי עס מאַכט זיך, און כוליגאַנעס פאַלן אָן, איז ער שטענדיק געווען גרייט זיך מקריב צו זיין און פאַרטיידיקן דעם יידישן כבוד. אָפּזיצנדיק די צייט, וואָס איך האָב געדאַרפט זיין אין בית מדרש, בין איך אַהיימגעגאַנגען און זיך געזעצט עסן פּריש־טיק. פּלוצים פּראַלט זיך אויף די טיר און עס פאַלט אַריין אַ בלאַסער מיין ברודער דוד און גיט אַ געשריי:

— ד׳עסט שוין? האָסט געדאַוונט?

— יאָ, — זאָג איך; איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער האָט מיך געפּוצט. און ער הויבט זיך אָן צו קריגן מיט מיר. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און איך זאָג אים:

— וואָס איז דיין עסק? דער רבונו של עולם וועט דאָך מיך שטראָפן און נישט דיך! ער לויפט שנעל אַרויס און לויפט צום זיידן מיך פאַרקלאָגן, אַז ער האָט מיך געפּוצט און זאָגט אים, אַז איך דאַוון נישט.

עס דויערט נישט לאַנג און עס באַווייזט זיך אַ שטאַפּעט געשיקט פון זיידן, אַ תלמיד. ער זאָגט:

— דער זיידע זאָגט, אַז דו זאָלסט אַרויפקומען.

איך גיי באַלד צוזאַמען מיטן תלמיד צום זיידן.

— דער זיידע, — פרעג איך, — האָט געשיקט נאָך מיר?

— יאָ, — ענטפערט דער זיידע — דוד איז דאָ געווען און האָט מיר געזאָגט, אַז דו דאַוונסט נישט. אמת?...

— יאָ, — זאָג איך שוין דרייסט, נישט מורא האָבנדיק מער פאַר קלעפּ, וואָרים ער האָט שוין געוווּסט, אַז איך בין שוין אַביסל זעלבשטענדיק. ער

האָט שוין געקוקט אַנדערש אויף מיר. ער איז נישט געווען קיין נאַרישער ייד. דער זיידע האָט געוווסט אַז איך „דריי זיך" ביים „בונד" — איך האָב דאָך געלערנט שניידעריי ביי אַ בונדיסט, ביי ביינויש פּלאָצ־קער, פרעגט ער מיך:

— זאָג מיר נאָר, וואָס פאַראַ פּראָגראַם האָט דער „בונד"?

זאָג איך, דער פּראָגראַם פון „בונד" איז, אַז עס זאָל נישט זיין קיין אָרעם און רייך, אַלע זאָלן האָבן די זעלבע רעכט...

האַקט דער זיידע מיר איבער אין מיטן רעדן און זאָגט:

— אויב אַזוי, בין איך אויך אַ בונדיסט, נאָר — גיט ער צו, — מען דאַרף דאַווענען, לייגן תפילין, בין איך הונדערט פּראָצענט מיט אייך... זאָג מיר, פאַר וואָס דאַוונסטו נישט?

— איך וועל זאָגן דעם זיידן דעם גאַנצן אמת. איך האָב אויפגעהערט דאַווענען, ווייל אַלע מאָל דאַוון איך דאָס זעלבע און פאַרשטיי נישט.

— אָ, — זאָגט ער, — דו האָסט רעכט. אַ ייד דאַרף פאַרשטיין וואָס ער זאָגט. פון מאָרגן אָן וועסטו אַרויפקומען און איך וועל מיט דיר לערנען, און דיר פאַרטייטשן דאָס דאַווענען.

— מסכים, זיידע...

און עס איז טאַקע אַזוי געווען. כ'בין אַלע נאַכט געגאַנגען צום זיידן און ער האָט מיט מיר געלערנט. עס האָט נישט געדויערט לאַנג, אַ פּאָר טעג און איך בין אַוועקגעפאָרן קיין מאָגילנע.

און נאָך וועגן זיידן. ער איז געווען אַ מלמד, זייער אַ שטרענגער. ער האָט געשלאָגן די תלמידים מכות רצח, און דאָך האָבן זיי אים ליב געהאַט. פאַר וואָס? ער האָט געהאַט דעם כוח אַוועקצוזעצן די תלמידים מיט זיינע מעשהלעך, הויפּטזעכלעך פון יענער וועלט, אַזוי ווי ער וואָלט דאָרט געווען און צוריקגעקומען. אַזאַ כוח האָט ער געהאַט, אַזוי גע־מאָלן, אַז מען איז געזעסן מיט אָפענע מיילער. די תלמידים פלעגן נאָר בעטן: רבי, דערציילט...

נאָך אַן עפּיזאָד, אַ טרויעריקער. וועלכן אַלע ריפּינער געדענקען אים. דאָס איז געווען אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין די ערשטע צייטן פון קריג, ווען די רוסן זענען אַריין און אַרויס, ווי אין אַ קאַצן־מויזן־שפּיל. ווען די דייטשן האָבן אָפּגעצויגן האָבן זיי אַלס נקמה דאָס שטעטל ריפּין אונטערגעצונדן אין אַלע פיר עקן. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַז גאַנץ ריפּין ברענט. מסתמא איז דאָס געווען אַ סטראַטעגישער ריקצוג. אויפצומאָרגנס זענען אַריין די רוסן. איך געדענק ווי היינט. מיר זענען געווען ביי דער מומע יוכבד, דער מוטערס אַן עלטערע שוועסטער. זי האָט געהאַט אַ שניט־געשעפט. אַלע געשעפטן זענען געווען געשלאָסן פאַר מורא. מען האָט געוווּסט, אַז ווען די רוסן וועלן אַריין, וועט זיין אַ פּאָגראָם. אין שטעטל איז געווען אַ גוי אַ באַנדיט, וואַצעק האָט ער געהייסן — די ריפּינער געדענקען אים זיכער. ער האָט געוווּסט אַז די רוסן קומען, איז ער געגאַנגען איבער די גאַסן מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ און געשריגן: „ווּשיסטקיך

זשידאָוו בענדזיעמי זאַבּיאַטש !” זיין געשריי קלינגט מיר נאָך היינט אין די אויערן. גאָט האָט געהאָלפן, צומאָרגנס האָבן אַריינמאַרשירט די דייטשן מיט אַ גרויסן כוח און פאַרבליבן די גאַנצע צייט ביזן סוף פון דער מלחמה. די יידן האָבן לייכט אָפּגעאָטעמט. און אָנגעהויבן פון סניי די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. געוועזן אַמאָל אַנדערע דייטשן...

און איצט צוריק צו מאָגילנע.

מיט דער מיטהילף פון דער מאַמעס קוזין האָב איך באַלד געקריגן אַרבעט. איך האָב שוין געקענט גוט אויפנייען אַ הויז־און־וועסטל. אין האָב שוין געהאַט אויך אַן אַנונג אין מאַכן אַ מאַרינאַרקע. כ׳האָב פונקט געטראָפן אַ גוטן באַלעבאָס, אַ דייטש, — אַמאָל זענען געווען גוטע דייטשן, מענטשן, און מיר האָבן זיך גוט פאַרשטאַנען, סיי אין דער אַרבעט און סיי שפּראַכלעך. כ׳האָב געקענט רעדן דייטש, איך קען נאָך היינט אויך, אָבער היינט איז שוין נישט קיין זכות...

איך האָב אָנגעהויבן גוט צו פאַרדינען. געאַרבעט אַ סך שעהן. געוואָלט וואָס מער פאַרדינען. איך האָב דאָך געפילט אַ פאַרפליכטונג נישט נאָר פאַר זיך — איך האָב מיר שוין דערלויבט צו דינגען אַ צימער אין האָטעל, מיט פענסיאָן. קיין געזעלשאַפט פאַר מיר האָב איך נישט געפונען. קיין סך יידן אין דעם שטעטל זענען נישט געווען, און די וועאָס זענען געווען, זענען געווען אַסימילירט. מיט דער צייט האָב איך באַקענט אַ מיידל, — זי האָט מיך געזוכט צו באַקע־

נען. עס איז איר געלונגען. זי האָט מיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט :

— מיר זענען שכנים...

אמת, זיי האָבן געוווינט אַנטקעגן דעם אָרט וווּ איך האָב געאַרבעט. די עלטערן אירע זענען טאַקע געווען רייך. זי איז געווען, דוכט זיך, אַביסל עלטער פון מיר. — זי וויל זיך מיט מיר באַקענען, — האָט זי מיר געזאָגט. זי האָט גערעדט דייטש, קיין יידיש האָט זי נישט געקענט. און איך האָב איר געענטפערט :

— מיט שענסטן פאַרגעניגן.

זי האָט געפרעגט וווּ איך וווין. איך האָב איר געגעבן דעם אַדרעס.

— אין וועלכע שעה קאָן זי קומען ? — האָט זי מיך געפרעגט.

— ווען איך ענדיק די אַרבעט, — האָב איך איר געזאָגט. אין דער צייט פלעג איך זיין אין שטוב, ווייל קיין געזעלשאַפט האָב איך דאָ נישט געהאַט.

— גוט, — ענטפערט זי.

אויף צומאָרגנס הער איר אַ קלאַפּ אין טיר. זי איז דאָ. שיין, אויסגעפּוצט. איך בעט זי זיצן און מיר פאַרפירן אַ געשפּרעך, נישט חלילה וועגן פילאָזאָפיע אָדער אַנדערע הויכע מאַטעריעס ; אפשר האָט זי יאָ געקענט רעדן וועגן העכערע זאַכן, אָבער איך בין נישט געווען נאָך צוגעגרייט דערצו. סוף כל סוף בין איך געווען נאָר אַ שניידער־געזעלן. און זי גייט ווייטער, ביז זי דערלאַנגט מיר אַ קוש. איך האָב זיך

פשוט דערשראָקן, געוואָרן רויט, צעטומלט. און זי האָט מיך געטרייסט:

— ס'איז ניקס, האַבען זי קיין אַנגסט...

צוביסעלעך האָב איך זיך באַרויקט. איך האָב דערפילט, אַז עס איז גאָרנישט אַזוי שרעקלעך. אדרבה, איך האָב דערפילט, אַז ס'איז גאָר נישט אַזוי שלעכט.

זי פלעגט מיך אָפט באַזוכן און איבערגעחזרט: האַב קיין אַנגסט... דאָס האָט אַזוי געדויערט ביז עס האָט זיך דערנענטערט פסח. איך האָב באַשטימט אַהיימצופאָרן אויף יום־טוב. מען דאַרף זען די מאַמע און די משפחה. כ'האָב זיך צוגעגרייט, גע־קויפט פאַרשידענע מתנות פאַר דער מאַמען און דער גאַנצער משפחה. איך האָב אויך נישט פאַרגעסן אין זיידן. פאַר אים האָב איך געקויפט אַ שאַכטל ציגאַרן. ער פלעגט שטענדיק פיפטשען אַ פייקע. די ריפינער געדענקען דאָס. זיי האָבן אים טאַקע גערופן ר' אברהם־אהרן מיט דער פיפי... די ציגאַרן זענען געווען פאַר אים אַ לוקסוס־זאַך. דאָס האָבן דעמאָלט גערויכערט נאָר גבירים. עס איז אָנגעקומען דער גליקלעכער טאָג און איך בין אַהיימגעפאָרן, מיט־פירנדיק די איינגעקויפטע מתנות.

איך עפן די טיר און די מוטער דערזעט מיך. זי באַפאַלט מיך מיט קושן און טרערן אין די אויגן. ס'האָט גענומען אַ ווײַלע, ביז מיר האָבן זיך אַביסל באַרויקט. דער נאָך, וואָס טוט אַ מאַמע? זי גרייט צום טיש און זאָגט:

— עס עפעס, מיין קינד.

איך עס און גלייכצייטיק פרעג איך אויס אויפן זיידן און אויף דער גאַנצער פאַמיליע. די מאַמע ענט־פערט מיט אַ ברוך השם... איך עס שנעל אָפּ און זאָג דער מאַמען, אַז כ'גיי צום זיידן, געבן אים די מתנה.

— גיי געזונטערהייט, — זאָגט די מאַמע און איך גיי. איך געדענק נישט צי דעמאָלט פלעגט מען זיך פירן אָנצוקלאַפּן אין טיר — איך עפן די טיר און פאַר פרייד גיב אַ געשריי אויס: „גוט מאָרגן, זיידע!" און דער זיידע האָט געענטפערט: „אַ גוט יאָר!" ער האָט מיר דערלאַנגט אַ האַנט צו שלום עליכם און איך האָב אים דערלאַנגט ס'קעסטעלע ציגאַרן צו־זאַמען מיטן שלום עליכם.

— נאָ, פאַר מיין גוט מאָרגן האָב איך באַקומען אַ גוט יאָר, אַ גוט געשעפט שוין געמאַכט — האָב איך זיך געוויצלט, ווי עס איז געווען אָנגענומען.
— אָט האָסטו, זיידע, אַ מתנה פאַר די קלעפּ, וואָס דו פלעגסט מיר פון צייט צו צייט געבן... איך האָב געזען, ווי עס האָבן זיך אים געשטעלט טרערן אין די אויגן...

— יאָ, יאָ, — האָט ער געמורמלט שטיל, — מלאכה — מלוכה...

אָפּגעפּרייט זיך די יום־טוב־טעג, און מען דאַרף צוריקפאָרן צו דער אַרבעט. מיט אַ טאָג פריער פאַרן אָפּפאָרן זאָגט צו מיר די מאַמע:

— וואָס טוט מען מיט בער'ן? ער וויל זיך אויך לערנען אַ פאַך.

ער איז געווען פעיק צו סטאָלעריי. צי ס׳איז געווען דעמאָלט אין ריפּין אַ סטאָלער־וואַרשטאַט, ווייס איך נישט. זאָג איך דער מאַמען:

— ווייסט וואָס, כ׳וועל אים מיטנעמען קיין מאָגילנע. מיר וועלן זיך האַלטן צוזאַמען, אַזוי ווי נעמי מיט רות׳ן. ער וועט ווינען מיט מיר און וואָס איך וועל עסן, וועט ער עסן. נאָר ווּ איך וועל גיין, ווייס איך נישט, צי ער וועט וועלן מיטגיין.

אומר ועושה, געזאָגט און געטאָן. קיין סך זאַכן האָב איך נישט געהאַט צו נעמען: אַ קויבערל מיט אַביסל וועש. די מוטער, האַלטנדיק דאָס קליינע שוועסטערלביים האַנט, האָט אונדז באַגלייט צו דער קאָלעיקע. זי האָט געהאַט טרערן אין די אויגן, נישט פאַר צער חלילה. דאָס זענען געווען טרערן פון פרייד. זי האָט געוווּסט, אַז מיר וועלן זי נישט פאַרגעסן. מיר האָבן זיך צעקושט מיט דער מוטער און מיטן שוועסטערל און פאַשאָל! מיר זענען פאַר־שווונדן.

פאָרנדיק האָבן מיר געשמועסט פאַרשידנס. איך האָב גערעדט מער ווי ער. בער האָט געקוקט אויף מיר און מסתמא געטראַכט: ער, אַ יונגערער פון מיר, נעמט אויף זיך אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכקייט... ביז מיר זענען אָנגעקומען קיין מאָגילנאָ.

איך האָב זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן וועגן אַ סטאָלער־וואַרשטאַט, ווּ דער ברודער זאָל זיך לער־נען. מיין מייסטער האָט מיר צוגעהאָלפן אין דעם. איך האָב שוין פריער געזאָגט, אַז ער איז געווען אַ גוטער מענטש. ער האָט אויך געזען, אַז איך אַרבעט



דער ברודער בער

(1952 — 1903)

פלייסיק און האָב אַ ווילן צו שטייגן אין דער אַרבעט. דייטשע דיסציפּלין: צו יענער צייט, האָט מען פאַרלאַנגט, אַז מיין מייסטער און איך זאָלן

אונטערשרייבן אַ קאָנטראַקט אויף 3 יאָר לערע — אַנדערש האָט מען נישט געקענט. מיין באַלעבאָס איז געווען גרייט אונטערצושרייבן — ער האָט געהאַט צוטרוי צו מיר. אָבער איך האָב נישט גע־וואָלט, ווייל כ׳האָב געוווּסט, אַז איך וועל נישט אויסהאַלטן מיט יידישקייט. איך האָב דאָך נישט געהאַט דאָרט קיין געזעלשאַפט. מיר האָבן באַ־שטימט, אַז בער זאָל אויך לערנען שניידעריי. דאָס איז שוין אַ טאָפּעלער פּלעק אין דער משפחה.

ביי בערן איז דאָס אָנגעקומען אַביסל שווער, ווייל ער האָט געהאַט אַ פאַרבויגענעם פינגער פון קינדווייז אָן, דאָרט ווו מען דאַרף האַלטן דעם פינגערהוט. אָבער אַז מען מוז, מוז מען. ער האָט זיך צוגעוווינט צו האַלטן דעם פינגערהוט אויפן צווייטן פון דעם דאָמען־פינגער. און אַזוי איז טאַקע געווען. איך פון איין זייט, דער באַלעבאָס פון דער צווייטער זייט, — מען האָט אים געלערנט. נו, ביי שניידעריי, מאַכט זיך אַפילו, אַז מען דאַרף טרענען און נייען; אַז מען וויל אויסלערנען שנעל, מוז מען נייען און טרענען. און ס׳האָט לאַנג נישט געדויערט, — צו די 6 וואָכן האָט בער געקאָנט מאַכן אַ פּאָר הויזן.

וואָס איז געוואָרן מיט דעם מיידל? נו, אַז דער ברודער איז געווען מיט מיר, איז איר נישט געווען אַזוי באַקוועם. זי האָט דאָך נאָר געוואָלט קושן זיך מיט מיר. זי האָט געוואָלט פאַרברענגען מיט מיר. איך האָב אויך געוואָלט, אָבער נישט אַזוי שטאַרק ווי זי. זי האָט מיך פאַרבעטן צו זיך אין

שטוב אַריין, פֿאָרגעשטעלט מיך פֿאַר אירע עלטערן. עס וואָלט שוין אפשר עפּעס געווען, אָבער דער לוקסוס פֿון דער שטוב איז פֿאַר מיר געווען צו גרויס. איך האָב זיך פֿאַר דעם געשראָקן. איין מאָל האָט זי מיך פֿאַרבעטן אין טעאַטער — עס איז דאַן געקומען אַ דייטשע טעאַטער־טרופּע. איך האָב זיך זייער אָנגעשטרענגט, סיי פֿון דער אַרבעט און סיי פֿון לויפֿן. ווען איך בין געקומען אין טעאַטער, האָב איך פֿון אַזויפֿיל אָנשטרענגונג געחלשט אין טעאַטער. ווען מען האָט מיך דערמונטערט, בין איך געווען אין פֿאָיע פֿון טעאַטער. איך האָב זיך באַרויִקט. דאָס מיידל איז געשטאַנען נעבן מיר. רות האָט זי גע־הייסן. זי האָט מיך געהאַלטן אין איין פֿרעגן:

— „וואַס איסט דיר?“... און מיר זענען צוריק אַריין צו זען די פֿאָרשטעלונג. איך געדענק נישט וואָס פֿאַראַ פּיעסע מיר האָבן געזען. איך ווייס נאָר, אַז עס האָט אויף מיר נישט געמאַכט קיין איינדרוק. ווען יאָ, וואָלט איך מסתמא געדענקט.

אין אַ צייט אַרום האָב איך פֿאַרלאָזט מאָגילנע, איבערלאָזנדיק דעם ברודער ביים זעלבן מייסטער. ער האָט דאָרט ווייטער געאַרבעט און געלערנט די מלאכה. ער האָט שוין פֿאַרדינט און נישט געדאַרפֿט מער מיין הילף. איך בין אַוועקגעפֿאָרן אין שטעטל דאָבזשין, ווו איך בין דערצויגן געוואָרן. איך האָב געזוכט אַרבעט און באַלד געקריגן ביי איינעם, משה דראַגאָן האָט ער געהייסן. די דאָבזשינער געדענקען אים. ער האָט מיך געהייסן קומען אין דער פֿרי צו דער אַרבעט.

איך טו אויס ס׳רעקל און דאָס היטל און כ׳גיי זיך נעמען צו דער אַרבעט. קומט באַלד צו דער באַלעבאָס, דראַגאָן, און זאָגט מיר שטיל, אויפן אויער:

— דו, יונגערמאַן, מ׳קאָן נישט זיין דאָ קיין ווילער יונג, אַז מען וויל דאָ אַרבעטן דאַרף מען גיין אָנגעטאָן ס׳היטל.

קיין עקשן בין איך נישט געווען, דאָ ווו עס איז נישט נויטיק. איך האָב צוריק אָנגעטאָן דאָס היטל און געבליבן אַרבעטן, און שלום על ישראל.

אין דאָבזשין האָט מען געקענט יעדן איינעם ביים צונאָמען. מיין מוטער האָט מען גערופן „רבקה די ריפּינער שניידערין". מיך האָט מען געקענט אַלס קנופּסיק. אַז איך בין שוין געווען אויסגע־וואָקסן, האָט מען מיך געפרעגט:

— דו ביסט דער זון פון רבקה, די ריפּינער שניידערין?

— יאָ.

— איי, איי, איי, אויסגעוואָקסן, קיין עין הרע.

בלויז אַרבעטן, איז דאָך נישט קיין צוועק, מען דאַרף טאָן עפּעס פאַר דער געזעלשאַפט. איך האָב אָנגעהויבן זוכן. און אַז מען זוכט, געפינט מען. איך האָב זיך באַקענט מיט איינער, מאַשע, — דאָס איז געווען די טאָכטער פון אַברהם־שעפּסל גאָטליב. איך האָב אים געקענט נאָך פון די קינדער־יאָרן, ווען מיר האָבן געוווינט אין דאָבזשין. איך געדענק גע־וויסע נעמען פון דער משפחה: הערש־אָרש, דער עלטסטער זון, געווען אַ גוטער שוישפּילער, נישט

קיין פּראָפעסיאָנאַל. ער איז אַוועק דער נאָך קיין דייטשלאַנד, געוווינט אין בערלין. די עלטסטע טאָכ־טער האָט געהייראַט מיט פישל זילבערבערג. ער איז געוואָרן שפּעטער אַ טוער פון טעקסטיל־פאַריין אין לאָדזש. איך בין געווען ביי זיי. זיי האָבן געוווינט אויף גייערס מאַרק. דער רבי ר׳ שעפּסל איז געווען אויך אַ מלמד, שוין פון גרעסערן קאַליבער. ער האָט שוין געלערנט מיט די תלמידים גמרא א.א.וו. און מאַשע, וועלכע איך האָב דאָ דערמאָנט, איז געווען די יונגסטע טאָכטער פון ר׳ שעפּסל. זי איז מיר געפאַלן אין אויג אַריין. איך איר אויך. ווען מיר האָבן אָנגעהויבן טעטיק ווערן אַלס צוקונפטיסטן — מיר און נאָך עטלעכע חברים, האָבן מיר באַשלאָסן צו דינגען אַ צימער אויף צו קאָנען זיך צונויפקומען. און גראָד איז געווען צו פאַרדינגען אַ צימער ביי דער פרוי שלאַכטער. זי איז שוין דעמאָלט געווען אַן אלמנה. מיר זענען געגאַנגען דינגען דאָס צימער. זי האָט מיך דערקענט. עס איז געווען ביי איר אַ גאַנצע שמחה: עפּעס רבקהס זון!

— וויפל קאָסט דאָס צימער? — פרעג איך.

ענטפערט זי:

— צוליב דיר, וויפל איר וועט געבן, וועט זיין גוט.

מיר האָבן זיך צונויפגעלייגט אַ פּאָר זלאָטעס און איר געגעבן. „זאָל זיין מיט מזל״, האָט זי גע־זאָגט. און האָט אונדז געגעבן די שליסלען. מיר זענען אַוועק און האָבן אָנגעהויבן ווערבירן נאָך חברה. מיר זענען זיך צונויפגעקומען, גערעדט, גע־

זונגען לידער, מער געזונגען ווי גערעדט. מיר זענען דאָך געווען יונג. איך, דוכט זיך, בין געווען דעמאָלט דער עלטסטער פון זיי.

איין מאָל, אַ געוויסן שבת, ווען מיר זענען זיך צונויפגעקומען, — מיר האָבן דאָך שוין געטראַכט אַנדערש, מיר האָבן שוין אַלע געוווּסט, אַז מאַכן פייער אום שבת איז קיין עברה נישט, מיר האָבן זיך נאָר נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון, אַז מען וועט זען דעם רויך פון קוימען. קיין צולהכעיסניקעס זענען מיר נישט געווען. אָבער די שכנים האָבן געזען דעם רויך, זענען זיי צו צו דער באַלעבאָסטע און געמאַכט אַ געוואַלט: „דאָרט זענען דאָך שקצים!" די באַלע־באָסטע האָט באַלד רעאַגירט און זי האָט מיך באַלד אַריינגערופן און געזאָגט:

— זישע, איר מוזט אַרויס פון צימער. איך האָב צרות פון די שכנים, צוליב דעם, וואָס איר פּירט זיך נישט אויף יידישלעך. און מיר זענען אַוועק פון דאָרט.

איך האָב געוואָלט פּראָגרעסירן אין מיין פאַך און אין דעם שטעטל איז נישט געווען קיין מעגלעכ־קייט. האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן אַרבעטן קיין טויערן (טאָרון), אַ שטאָט אין פּאָמערן. דאָרט איז געווען אַ שניידער־אַקאַדעמיע פאַר צושניידער. כ'האָב דאָרט באַלד באַקומען אַרבעט און זיך פאַרשריבן אין דער אַקאַדעמיע. די לערע איז פאָרגעקומען אין די אָוונטן. עס איז געווען שווער, אָבער דער ווילן האָט גובר געווען. איי מיט פּויליש? נו, פיל וויניקער אַדורכגעשטופּט. צום לערנען צושניידעריי האָט דאָס מיר נישט געשטערט, — איך בין געווען איינער פון

די בעסטע שילער. ווי אַ באַשטעטיקונג הענגט נאָך דער דיפּלאָם פון דער אַקאַדעמיע אין מיין וווינונג ביז היינט צו טאָג. גענדיקט האָב איך אין יאָר 1923. איך פלעג נאָך פאָרן פון צייט צו צייט, ווייל עס איז נישט געווען ווייט, קיין דאָבזשין צו דער פאַמיליע גאָטליב. און די הויפּטזאַך — צו מאַשען.

דאָס איז געווען אין אַ זונטיק, בין איך געפאָרן צו באַזוך אָבער דער באַזוך איז שוין געווען אַ טרויער־ריקער. מ׳האָט מיר איבערגעגעבן, אַז ס׳איז געשען אַן אומגליק: אין לויף פון דער וואָך, וואָס איך האָב זי נישט געזען, איז זי קראַנק געוואָרן אויף אַן אויער. מען האָט זי געכאַפּט קיין טוירען צו אַ ספּעציאַליסט און עס איז נישט געלונגען זי צו ראַטעווען... זי האָט אויסגעהויכט די נשמה. כבוד איר אָנדענק!

איך בין צוריקגעפאָרן קיין טוירען אַ טרויער־ריקער. אָבער דאָס לעבן גייט ווייטער.

וועגן טויערן האָב איך נישט קיין סך צו זאָגן. איך האָב געאַרבעט אויך ביי אַ דייטש. באַק האָט ער געהייסן. אויך אַ גוטער מענטש געווען. איך האָב פאַרענדיקט די אַקאַדעמיע — געווען דער איינציקער ייד צווישן די שילער. צו סיום האָט מען געמאַכט אַ באַנקעט, פאַרשטייט זיך, אויפן חשבון פון די שילער. מען האָט דעם איינציקן „זשידעק״ אָנגע־שיכורט צוליב פריילעכקייט. איך בין טאַקע געווען שיכור, אָבער ווי אַזוי די שיכרות האָט אויסגעזען, ווייס איך נישט.

ווען איך האָב זיך אויסגעניכטערט, און שוין געהאַט דעם דיפּלאָם, האָב איך אָנגעהויבן טראַכטן וועגן פאַרלאָזן טויערן. ווייל קיין יידיש־געזעלשאַפט־לעך לעבן איז דאָרט נישט געווען און צו גוייש לעבן האָט מיך קיין מאָל נישט געצויגן — און איך מעלד דעם באַלעבאָס, אַז אין צוויי וואָכן אַרום פאָר איך אַוועק. ער האָט מיך געהאַלטן פאַר אַ גוטן שניידער — איך אַליין נישט. פרעגט ער מיך פאַר וואָס איך פאַרלאָז אים? נו גיי דערצייל דעם גויישן קאָפּ פאַר וואָס. זאָג איך אים פשוט:

— איך בענק אַהיים.

עס איז אויך געווען אמת. און דער גליקלעכער טאָג איז געקומען. כ׳בין אַהיימגעפאָרן. אויך נישט ליידיק: מיט מתנות און אויך נישט פאַרגעסן דעם זיידן. איך האָב אים געבראַכט אַ ליולקע מיט אַ לאַנגן ציביק, ווייל ער האָט עס ליב געהאַט. ער פלעגט שטענדיק פּיפּטשען און אַרומאַרבעטן ביי דעם, ווען ער האָט נאָר געהאַט צייט. ער פלעגט די ליולקע רייניקן, ווייל אַ ליולקע מוז מען אָפּהיטן.

מיט אונדז האָט זיך געהאָדעוועט אַ קוזינע. דערצויגן איז זי געוואָרן ביי דער מומע יוכבד, וועלכע איז געווען קינדערלאָז, אַן עקרה. די געשיכטע פון דער קוזינע איז אַזאַ: ווען זי איז נאָך געווען אַ פּיצל קינד האָט זי געהאַט אַ יונגערן ברודער, הערש האָט ער געהייסן. ביי זעכצן יאָר איז ער געשטאָרבן פון גאַלאָפּ־סוכאָטע. אַ שיינער בחור געווען. ער שטייט מיר נאָך היינט פאַר די אויגן. דעמאָלט איז

געווען שווער אים צו ראַטעווען. עס איז נאָך דעמאָלט מסתמא נישט געווען קיין רפואות קעגן דעם.

דער קוזינע מ. ב׳ס פאָטער איז געווען דער יינגסטער פון דער משפחה. די מוטער מיינע פלעגט שטענדיק עפּעס דערציילן וועגן דער משפחה. — איך האָב אים נישט געקענט, ווייל איך בין נאָך דעמאָלט, דאַכט זיך, נישט געווען אויף דער וועלט. אַן עפּיזאָד האָט זיך מיר אָבער איינגעקריצט אין זכרון. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ פרוי פון רוסלאַנד. זי איז געווען פון דער אַריסטאָקראַטישער געזעלשאַפט. אַ סימן, זי איז געווען אַ פּיאַניסטין. און דער פעטער האָט געשפּילט פידל. אפשר האָט דאָס זיי צונויפגעפירט. די מוטער מיינע האָט דעמאָלט געוווינט אין לאָדזש. דער פאָטער מיינער איז געווען אַ לאָדזשער. איין מאָל שטעלט זיך אַריין דער פעטער מיט דער פרוי און צוויי פּיצעלעך קינדער. אַ שמחה, אַ גדולה, אַזוי ווי שוועסטער און ברודער. און מיט אַ מאָל זאָגט ער צו דער מאַמען:

— איך בין אַריינגעפאַלן. זי איז נישט פאַר מיר.

— פאַר וואָס?

— זי איז נישט קיין באַלעבאָסטע. — ער האָט באַשלאָסן זיך צו גט׳ן מיט איר. ער האָט געזאָגט און געטאָן.

ווען זי איז געזעסן פּסח ביים סדר, האָט זי גע־הערט אַזויפיל מאָל איבערחזרן דאָס וואָרט דיינו, וואָלט אויך גענוג געווען... האָט זי זיך געוואָנדן צום מאַן:

— נאַ טשטאָ מניע עטי די־נע־דאַניס... פּאָדאַ־וואַי פּיט׳.

זיי זענען געגאַנגען זיך גט׳ן. אָפּגעטאָן דאָס שטיקל אַרבעט און זיי גייען אַרויס, רופט זי זיך אָן צום געוועזענעם מאַן:

— נו, פּאַידיאָם ספּאַט׳! (לאָמיר גיין שלאָפן).

איר קאָנט זיך שוין פאָרשטעלן אירע באַגריפן וועגן יידישן לעבן... איר מוטערשפּראַך איז געווען רוסיש.

די מוטער האָט געהאַט אַן עלטערן ברודער, מיטן נאָמען חנוך. אים געדענק איך. אַזוי ווי ער וואָלט מיר איצט געשטאַנען פאַר די אויגן. ער האָט געהאַנדלט מיט גענדז. ער פלעגט אָפט קומען פון ריפּין קיין דאָבזשין מיט אייגענע פערד און וואָגן. ער פלעגט קומען און אַוועקפאָרן. ער פלעגט איבער־לאָזן „לעצט־געלט". אין אַמאָליקע צייטן האָט זיך אַזוי געפירט.

אַז דער פעטער פלעגט צוריקפאָרן קיין ריפּין מיט דער פור זיינער, בין איך אַרויפגעקראָכן און אויך געוואָלט געניסן פון לעבן... און אַביסל זיך איבער־פאָרן. ער האָט מיך געלאָזט אַרויפקריכן. ער גיט אַ שמיץ דאָס פערד צום פאָרן און ס׳פערד האָט געגעבן אַ צי... און איך טראַך, גיב אַ פאַל אַראָפּ. און ווי זאָגט אַ גלויביקער? ס׳איז נאָר אַ נס מן השמים, אַז ס׳איז מיר גאָרנישט געשען. אַז דער פעטער האָט געזען אַז ס׳איז גאָרנישט, האָט ער שוין אַליין ממשיך געווען און אַוועקגעפאָרן. און איך בין אַהיימגעלאָפן.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז ער געקומען שוין

אָן דעם פערד און וואָגן. ער איז געקומען געזעגענען זיך מיט זיין שוועסטער, ד. ה. מיט מיין מאַמען און קינדער, ווייל ער האָט געשוואַרצט די גרענעץ. ער איז אַנטלאָפן בכדי נישט צו ווערן מאָביליזירט אין מיליטער. ווייל ס'איז געווען אין דער צייט פון קריג צווישן רוסלאַנד און יאַפּאַן. ער איז אַוועק קיין אַמעריקע. ער האָט נישט פאַרגעסן אין זיין טאַטן, מיין זיידן, און פון צייט צו צייט געשיקט אים אַ פּאָר דאָלאַר. ער האָט אויך נישט פאַרגעסן אין זיין שוועסטער, ד. ה. אין מיין מאַמען, און אויך איר געשיקט פון צייט צו צייט אַ פּאָר דאָלאַר. איך האָב זיך מיט אים איבערגעשריבן נאָך אין אַרגענטינע.



לאה (די יינגסטע שוועסטער פון דער מוטער) און משה פעלדהיים און זייערע קינדער: האָדעס, מיכלע און דוד (וווינט אין הרצליה).

מיט אַ מאָל איז איבערגעריסן געוואָרן די קאָרעס־פּאָנענץ, נישט צוליב מיין שולד און אויך נישט צוליב זיין שולד. איך בין דערנאָך געוואָר געוואָרן, אַז ער איז אומגעקומען אין אַן אויטאָ־אַקצידענט. אַזעלכע פאַלן קאָן מען נישט אויסמיידן אין אונדזערע צייטן.

אַ טאָכטער פון פעטער חנוך אין דאָ געווען אין 1968. דערוווּסט האָב איך זיך דערפון פון מיין קוזין דוד פעלדהיים (וווינט דאָ אין הרצליה). זי איז איינגעשטאַנען אין האָטעל „שרתון". מיר האָבן זיך באַגעגנט שוין אַביסל שמחותדיק. זי האָט קיין יידיש נישט געקענט און קיין ענגליש קען איך נישט. נאָר איר מאַן האָט אַביסל געדרעפּטשעט יידיש. ער האָט זיך נעבעך געמאַטערט. מיר האָבן זיך אַביסל אָפּגעפרייט, דערנאָך געזעגנט און דאָס איז אַלץ. איך וויל צוגעבן, אַז יידיש איז וויכטיק צו קענען, ווי נאָר אַ ייד געפינט זיך, ווייל שפּראַך פאַראייניקט.

און איצט צוריק קיין ריפין. ווי איך האָב שוין פריער געזאָגט, די קוזינע מ. איז אויסגעהאָדעוועט געוואָרן ביי דער מומע יוכבד. מיט דער צייט, ווען זי איז שוין געווען אַ גרויס מיידל, קומט זי און זאָגט:

— מומע רבקה, איך וויל זיין מיט דיר.

זי האָט געהאַט אַ דראַנג צו געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט און טעאַטער. און די מומע יוכבד האָט עס נישט געוואָלט. זענען מיר געווען שוין צוזאַמען. די מאַמע האָט געאַרבעט, איך האָב געאַרבעט און דער ברודער בער האָט נאָך אַלץ געאַרבעט אין מאָגילנאָ. די לאַגע איז שוין נישט געווען אַזוי שווער.

די קוזינע האָט אָנגעהויבן קומען אין „השומר הצעיר". זי האָט אָנגעהויבן רייף צו ווערן געזעל־שאַפטלעך. אַ שיינינקע איז זי געווען. מען זאָגט, אַז מ'איז יונג, איז מען שוין שיין. אָבער זי איז געווען אמתדיק שיין.

מיט אַ מאָל פאַלט איין דער קוזינע אַ געדאַנק און זי זאָגט:

— מומע, לאָמיר זיך איבערקלייבן קיין וולאָצ־לאַוועק. הוצאות? איבערפירן די בעבעכעס און די הויפט־זאַך אַ צימער, מומע, וועל איך פאָרן און זען.

די מוטער, אַז זי האָט געהערט עפעס אַ גלייכן געדאַנק, האָט זי קיין מאָל נישט דיסקוטירט. די קוזינע איז געפאָרן.

די קוזינע איז צוריקגעקומען מיט אַ באַשטע־טיקונג, אַז זי האָט מיט מזל געדונגען אַ צימער אויף פיעקאַרסקע 5. אין אַ פאָר טאָג אַרום האָבן מיר איינגעפּאַקט די בעבעכעס, געדונגען אַ פור און האידא קיין וולאָצלאַוועק.

אַז מיר האָבן איבערגעטראָטן די שוועל פון דער וווינונג אויפן ערשטן שטאָק, — איין צימער מיט אַ קליינער קאַמער אויף צו הענגען וועש, — האָט נאָך געפעלט די טיר פון צימער. דער באַלעבאָס האָט פאַרזיכערט, אַז אויף צומאָרגנס וועט ער אַריינשטעלן די טיר. נו, האָב איך זיך געמאַכט פאַר אַ „טיר". אַז מען מוז, מוז מען. ביינאַכט האָב איך זיך געזעצט ביים אַריינגאַנג אין צימער טאָמער וועט וועלן אַ גנב אַריינגיין, זאָל ער מוזן מיך אָנרירן. גנבים האָבן דאָרט דעמלט נישט געפעלט. און עס פעלן היינט

אויך נישט. די מוטער מיט דער הילף פון דער קוזינע, און אויך שוין אַביסל פון דער שוועסטער, האָבן גענומען איינאָרדענען די וווינונג. די מוטער האָט זיך שוין פאַרלאָזט אויף אונדז און זי איז באַלד אַוועק באַגעגענען די משפחה, וואָס האָט געוווינט אין וולאָצלאַוועק.

דער פעטער יעקב־יהושע איז געווען אַ ייד אַ למדן, וואָס האָט אַפילו נישט געוווסט וואָס איז אַזוינס געלט. זיין ווייב איז געווען די פרנסה־געבערין. איך וויל דאָ דערציילן אַן עפּיזאָד, וואָס די מאַמע האָט מיר דערציילט.

די מומע האָט געהאַט אַ שטעל אין מאַרק. זי



דער פעטער יעקב יהושע מיט זיין פרוי און קינדער:
ביילע, מרים, מאַלטשע און הערשעלע

האָט געהאַנדלט מיט פאַיאַנס־טעפּ און אַנדערע אַר־טיקלען פון הויז־געברויך. זי האָט געוואָלט אַריינ־ציען דעם מאַן אין דעם געשעפט. ווי אַזוי? זי האָט אים געזאָגט:

— יעקב יהושע, העלף מיר צו... גיב אַכטונג, מ'זאָל מיך נישט באַגנבענען.

ער האָט נישט געהאַט קיין צייט, ווייל ווער וועט לערנען? זיך אָפּגעבן מיט גאָט? אָבער פון צייט צו צייט איז ער געגאַנגען העלפן. אַכטונג געבן. איין מאָל מאַכט זיך, אַז די מומע האָט באַמערקט, אַז ס'פעלט אַ טעפל, וואָס אַ גויע האָט געהאַלטן. און זי זעט נישט מער דאָס טעפל... פרעגט זי:

— יעקב יהושע, דו האָסט נישט געזען ווי די גויע האָט געהאַלטן דאָס טעפל?

ענטפערט ער:

— יאָ. נו, אָבער איך קאָן נישט מבייש זיין אַ מענטשן...

דער קוזין משה איז געווען אַ לערער אין דער תרבות־שולע. אין 1960 בין איך דאָ אין ישראל געווען אויף אַ שפּאַציר — איך האָב נאָך געהאַט די זכיה מיט אים צו שמועסן. ער האָט געוווינט אין רעננה. איך האָב זיך דעמאָלט באַקענט מיט זיין זון אהרן מגד אין דער רעדאַקציע, אויב איך האָב נישט קיין טעות, פון „דבר".

פון וואָלאָצלאַוועק בין איך געפאָרן קיין לאָדזש. איך האָב נישט געהאַט קיין זיץ־פּלייש. עפּעס האָט מיך געטריבן. איך האָב אָפּגעזוכט די פאַמיליע פון מיין פאָטער — ער האָט געהאַט אין לאָדזש ברידער

און שוועסטער. איין ברודער איז פאַר דער מלחמה פון 1914 געוועזן זייער רייך. איר קאָנט זיך פאָר־שטעלן, אַז ער האָט געהאַט אַ פאָרטיער ביי דער טיר. ווען איך בין געקומען צו אים האָט ער געוווינט אין איין צימער. ווען איך בין אַריין צו אים אין



קוזין משה גרינבערג

שטוב, איז ער געווען איינגעהילט אין אַן אַלטן פּאַלטן און געשטאָפּט פּאַפּיראָסן. מסתמא האָט ער ערגעץ די אַרבעט אַרויסגענומען. דאָס איז געווען זיין פּרנסה. איך האָב זיך פאַרגעשטעלט, אַז איך בין זיין ברודער יוספס אַ זון — מיר האָבן אַביסל געשמועסט, — וואָס, געדענק איך נישט. וועגן דער פרוי זיינע און קינדער, ווייס איך אויך גאָרנישט, ווייל ווען איך האָב אים באַזוכט, איז ער געווען אַליין.

אַ צווייטער ברודער האָט געוווינט אויף פּיעטר־קאָווער גאַס. עס האָט געהאַט אַ קאָלאָניאַל־געשעפט (מכלת). איך האָב זיך פאַרגעשטעלט ווער איך בין. — „אַהאַ!" — האָט ער געזאָגט. מער האָט ער מיט מיר נישט גערעדט, — ער איז געווען פאַריאָגט ווייל עס זענען גראָד געווען אַ סך קונים. ער האָט מיך גאָרנישט אויסגעפרעגט. איך בין אַביסל געשטאַנען און זעענדיק, אַז פון דעם שטיין וועט גאָרנישט זיין, האָב איך געזאָגט אַ גוטן טאָג און בין אַוועק. איך האָב נאָר געהערט ווי ער שרייט מיר נאָך: קום נאָך אַ מאָל אַריין!...

איך האָב געצויגן און געגאַנגען צום פּאָטערס איינציקע שוועסטער. זי האָט געוווינט אויף נאָ־וואָמיעיסקע גאַס, נומערן געדענק איך נישט. וואָס איך געדענק איז: איך גיב אַ קלאַפּ אָן אין טיר — דאָס איז שוין אין יענער צייט געווען מאָדערן, — און איך הער: אַריין! איך שטעל זיך ווידער פאָר ווער איך בין — זי איז דאָך עפּעס מיין מומע. דאָ הייסט מען מיך שוין זעצן, מען דערלאַנגט אַ גלאָז טיי מיט צובייסן. זי איז דאָך עפּעס אַ מומע! זי איז

פונקט געווען אַליין. דעם מאַן און די קינדער האָב איך נישט געזען. זי האָט זיך מיט מיר אויסגעשמועסט, פאַרשידנס, וואָס הערט זיך?... — נאָך וואָס ביסטו געקומען קיין לאָדזש? — פרעגט זי מיך.

— פשוט, — זאָג איך, — זוכן אַרבעט.

ענטפערט זי מיר:

— שלאָפן, וועסטו דאָ קאָנען, ס'איז דאָ פּלאַץ.

— גוט, — זאָג איך, — אַ דאַנק. דאָס איז דאָך די הויפּטזאַך, אַ דאַך איבערן קאָפּ.

כ'האָב געזאָגט אַ גוטן טאָג און געלאָזט זיך זוכן אַרבעט. כ'האָב שנעל געפונען. דער שניידער האָט געוווינט אויף דער ווידזעווער גאַס (דעם נומער געדענק איך נישט). דאָס געדענק איך יאָ — ער איז געווען אַן עלטערער בחור, עס פלעגט דאָרט צו אים קומען אַן עלטערע פרוי — ער האָט געזאָגט, אַז דאָס איז זיינס אַ מומע. עס האָט זיך טאַקע באַשטעטיקט זיין זאָג: זי האָט געהאַנדלט מיט „לעבעדיקע סחורה", ווייל אַלע טאָג איז זי געקומען מיט אַן אַנדער מיידל. זי האָט זי פאָרגעשטעלט אַלס אירס אַ פּלימעניצע, אַן אַנדערע איז ביי איר געווען אַ „קוזינע" און נאָך אַנדערע פון איר משפחה. יעדעס מאָל ווען זי איז געקומען און אים פאָרגעשטעלט, איז די „מומע" פאַרשוווּנדן. אויך ער פלעגט פאַרשווונדן, אָבער שוין נישט אַליין נאָר מיט איר „משפחה" אין אַן אַנדער צימער.

נאָך אַן עפּיזאָד פון דעם זעלבן וואַרשטאַט. יעדעס שטעטל האָט גערעדט מיט זיין ספּעציפישן דיאַלעקט, — ביי אונדז אין שטעטל האָט מען גע־

רעדט אַזוי: אַ טעפּיע, אַ לעפּיע, אַ שטיקיע א.א.וו. ביי דער אַרבעט קומט אויס, אַז מען דאַרף עפּעס פרעגן וואָס שייך דער אַרבעט. און איך האָב גע־דאַרפט עפּעס פרעגן. איך רוף צו דעם באַלעבאָס און פרעג אים: „מען דאַרף מאַכן אַ ביסיע ברייטער?“ און אַזוי ווי איך זאָג דאָס, פּלאַצט דער מייסטער אַרויס מיט אַ געלעכטער צוזאַמען מיט די אַנדערע געזעלן און שרייט, לאַכנדיק; יאָ, אַזוי, אַ טעפּיע, אַ לעפּיע. ... איך בין רויט געוואָרן ווי אַ בוראַק. כ׳האָב נישט פאַרשטאַנען וואָס איז די סיבה פון דעם פּלוצימדיקן געלעכטער. דערנאָך האָב איך זיך אָפּ־געגעבן אַ חשבון, פאַר וואָס מ׳האָט אַזוי געלאַכט. און איך האָב צוביסלעך אויפגעהערט זיך צו באַנוצן מיטן דיאַלעקט.

פּלוצים דערהאַלט איך אַ בריוו פון דער מאַמען. די מאַמע האָט מיר געשריבן אין איר בריוו, אַז איך זאָל אַהיימקומען זיך געזעגענען מיט מיין ברודער בער, וועלכער פאָרט אַוועק קיין אַרגענטינע. איך מוז קומען — גיט זי צו, ווייל ער פאָרט דאָך אין אַ ווייט לאַנד...

היינטיקע צייטן איז דאָס נישט אַזוי ווייט, ווייל היינט פליט מען, אָבער דעמאָלט איז מען געפלויגן נאָר פאַוואָליע. און איך בין אויך באַלד געפלויגן — אַהיים. אַז אַ מאַמע זאָגט איז דאָך נישט שייך.

אין דער צייט ווען איך בין געווען אין לאָדזש, איז אין דער היים אַ סך פאָרגעקומען. דער ברודער האָט געשריבן צו זיינעם אַ חבר איטשע בראַון, — אַז ער וויל פאָרן קיין אַרגענטינע און אַז ער זאָל

אים שרייבן זיין מיינונג וועגן דעם. עס איז באַלד אָנגעקומען אַן ענטפער מיט אַ שיפס־קאַרט און אַ פּאָר דאָלאַר אויפן וועג. ער שרייבט נאָר פיר ווער־טער: — „ליבער בער — טאַנץ אַהער!". און בער האָט באַלד אַוועקגעטאַנצט. מיר האָבן זיך האַרציק געזעגנט און פֿאַשאָל! אַוועק. דער איטשע וווינט נאָך ביזן היינטיקן טאָג אין אַרגענטינע, אין בוענאָס איירעס. אין דער צייט, ווען איך בין געווען אין קאַרדאָוואַ, האָט ער שוין באַוויזן צו זיין אין „ליכ־טיקן גן־עדן", אין ביראָבידזשאַן, און צוריק. ער איז צוריקגעקומען אין 1934. אַהיימקומענדיק, איז געווען די שמחה אין לשאר. דאָרט איז געבוירן געוואָרן די טאָכטער. זי איז געווען איינע פון די בעסטע אַרכי־טעקטאָרן. זי האָט אים שוין געבוירן אַן אייניקל. און ער האָט אָנגעהויבן צו דערציילן פון דעם נייעם לעבן. אַ דערציילער איז ער אַ גוטער. הלוואי וואָלט ער דאָס אָנגעשריבן, וואָלט אַנטשטאַנען אַ גרויס בוך. איך וויל נאָר דערציילן איין עפּיזאָד, לויט זיין דער־ציילונג, אויטענטיש, מיט זיינע ווערטער.

יעדן פרימאָרגן, פלעגט דער גרויסער שרייבער דוד בערגעלסאָן מאַכן אַ מאַרשרוט, מיטן פוטער־היטל אויפן קאָפּ, און ער פלעגט זען, ווי די מענטשן האָרעווען, און עס גיסט זיך פון זיי דער שווייס. פלעגט ער זיי טרייסטן:

— קינדערלעך, איר אַרבעט נישט אומזיסט. פאַר אייער צוקונפט אַרבעט איר. פאַרן ליכטיקן מאָרגן.

אין אַן אָוונט איז איטשע אַדורכגעגאַנגען די שטוב פון בערגעלסאָנען און ער האָט אַריינגעקוקט

אין פענצטער און געזען, ווי בערגעלסאָן איז געזעסן אויבן־אָן און געפירט אַ טיש ווו עס איז געשטאַנען פון כל טוב. אין דער צייט, ווען אים, איטשען, איז אָנגעקומען מיט שווייס צו קריגן אַביסל מילך פאַרן קינד. אָבער עס איז געלונגען איטשען צו אַנטרינען פון „גן־עדן". און ווען ער איז צוריקגעקומען קיין בוענאָס־איירעס און פלעגט גיין שפּאַצירן מיט זיין פרוי מלכה, האָט ער געזען אין די געשעפטן פון כל טוב פלעגט ער זאָגן: מלכה, זע נאָר... און ער האָט פון אַלעם געוואָלט קויפן גאַנצע זעק... וואָרים דער פּחד איז אים נאָך אַלץ נאָכגעגאַנגען... ער איז ביזן היינטיקן טאָג געבליבן אַ האַרציקער פאָלקס־מענטש.

ער האָט אַ פרוי און אַ טאָכטער אַן אַרכיטעקטין. זי האָט געענדיקט דעם סטודיום ווען איך בין נאָך געווען אין אַרגענטינע.

און איצט צוריק צו מיין קוזינע מ. זי איז אויך געווען אַקטיוו אויפן טעאַטראַלן געביט. געווען זייער אַ פעיקע. זי איז פאַרשלאַפּט געוואָרן און דער דאָק־טאָר האָט געשטעלט דעם דיאַגנאָז אַז זי מוז האָבן אָטוואָצק. דאָס איז געווען די איינציקע רפואה. נו, מיר מיט דער הילף פון דראַמקרייז האָבן זיך גע־וואָרפן צו דער אַרבעט און זי געשיקט קיין אָטוואָצק. דאָס איז דאָך די לופט פון יידישן וואַרשע.

אין דעם זעלבן יאָר בין איך אַוועק דינען אין מיליטער. אָפּגעפּטרט 22 מאָנאַט — מער ווי נאָר־מאַל, מסתמא האָבן זיי מיך געדאַרפן. איך האָב געדינט אין „אוסמי דיאַן סאַמאָכאָדאָווי" איך בין דאָרט געווען דער איינציקער ייד. מען האָט אונדז

דאָרט געלערנט אַלס שאָפערן. עס איז מיר אין איין אויער אַריין און אין צווייטן אַרויס. וואָס, זיי ווילן מאַכן פון אַ שניידער אַ שאָפער? לא מיט אַ ספּאָדיק! האָבן זיי טאַקע באַשטימט אַז איך מוז בלייבן אַ שניידער. מען האָט באַשלאָסן, אַז איך זאָל ווערן דער לייטער פון דער שוואַלניע (שניידער־וואַרשטאַט). און דאָ האָב איך זיך אָפּגערעכנט מיט זיי. איך האָב געגנבעט אין דער שניידעריי, איך האָב זיך אויסגעשלאָגן די הוצאות. איך האָב נאָך געהאַט אַ מעגלעכקייט צו שיקן דער מאַמען און דער שוועס־טער פון צייט צו צייט אַ פּאָר זלאָטעס, כדי צו פאַרגרינגערן זייער לאַגע.

און וואָס איז געשען מיט מיר אין די ערשטע וואָכן פון זיין אַ רעקרוט? דאָס איז אַ געשיכטע וואָס מען קאָן ציען און ציען. איך בין אַמאָל גע־פאָרן מיט אַ גרופּע חברים פון בוענאָס־איירעס קיין ראַסאַריאָ. דאָס איז די צווייטע הויפּטשטאָט פון אַרגענטינע. די רייזע דויערט זעקס שעה. אַזוי האָב איך די מעשה געצויגן דעם גאַנצן וועג. דאָ וועל איך עס מאַכן בקיצור.

גייענדיק מיט דער מענאַזשקע נעמען מיטאָג, גיט עמיץ אַ געשריי: „גאָלדוואַסער! פּאַטשקאַ!” (אַ פּעקל). טראַכט איך: איך האָב אייך אין דער אדמה מיט אייער עסן! מיר איז ליבער דאָס פּעקל פון דער מאַמען, ווייל איך האָב געוווּסט, אַז זי האָט געטאָן אַלץ אַז כ'זאָל באַקומען פון כל טוב. איך קער זיך צוריק אין דעם צימער. פאַר וואָס? מיר זענען געווען 10 זעלנער צוזאַמען אויף דער „איזבע”

(שטוב), ווו ס'זענען געשטאַנען 5 טאָפּלט־בעטן. איך בין געשלאָפן אויפן אויבערשטן בעט.

קיינער איז נישט געווען אין צימער, וואָרים ווען זיי וואָלטן געווען, איז איינער בעט אַ פּאַפּיראָס, אַ צווייטער אַ שטיקל קאָלבאַס און אַנדערע גוטע זאַכן, — איך בין דאָך געווען איין ייד צווישן אַלע — דאַרף מען דאָך אויסהאַלטן דאָס יידישקייט און זיך באַמיען צו לעבן גוט איינער מיטן אַנדערן. אַזוי ווי אַ שעפּעלע צווישן וועלף. איך עפן דאָס פּעקל: עס איז גוט פאַרזיכערט, איינגענייט אין אַ שטיק לייוונט, מען זאָל גאָרנישט אַרויסגנבענען פון פּעקל. איך עפן דאָס פּעקל, — ס'איז דאָרט טאַקע געווען פון כל טוב. עס איז אויך געלעגן אַ בריוו, אויסגערעכנט אַלץ וואָס מען האָט דאָרט אַריינגעלייגט. איין זאַך איז דאָרט געווען איינגעדרייט: איך נעם עס אַרויס און לייג עס אַוועק אויפן טיש, ווי די איבעריקע זאַכן. איך גיב אַ קוק — דאָס איינגעדרייטע האָט זיך אויפגעדרייט. אַזוי לאַנג, מער ווי אַ מעטער. עס איז מיר עפּעס יאָ איינגעפאַלן, עפּעס נישט. כ'לייען נאָך אַ מאָל איבער דעם בריוו, — אַלץ איז דאָ און דאָס איז איבעריק. איך קוק נאָך אַ מאָל איבער די לייוונט — איך קוק, אפשר איז דאָרט פאַראַן עפּעס אַ לאָך? אָבער איך געפין נישט. איז דאָך אַ סימן, אַז די מאַמע האָט עס אַריינגעלייגט. איך האָב זיך פאַר קיין פאַל נישט געקאָנט כאַפּן, וואָס דאָס איז. איך גיב אַ געשריי: — סלוזשבאָווי! (וועכטער) איך רוף אים אַריין און דערצייל אים וועגן דעם פּעקל. עס איז טאַקע געווען אַ פּעקל, אָבער איך האָב דער־

ווייל באַהאַלטן דאָס פעקל. און איך ווייז אים אָן אויף דער „איבעריקער זאַך". זי האָט זיך דערוויייל אַראָפּגעגליטשט אויפן פּאָל. ער גיט אַ קוק און גיט אַ שפּרינג אָפּ מיט אַ געוואַלט: „טאָ יעסט וואָנזש!" (דאָס איז אַ שלאַנג) איך וויל אים דערציילן די מעשה און איך זאָג: די מאַמע האָט עס מיר געשיקט. ער לאָזט מיך נישט ענדיקן און זאָגט מיר:

— טראָג אַריין צום שעף די שלאַנג, און ווייזט אויס, אַז איך בין געווען אַזוי נאַאיוו, — איך האָב דאָך דאָס געקענט אַרויסוואַרפן און פאַרטיק, — אָבער ווי קאָן מען דאָס אַרויסוואַרפן, אַז די מוטער האָט עס מיר געשיקט. איך מאַטער זיך דאָס צו נעמען. איך האָב גענומען דאָס היטל, — עס איז געווען אין אַ פאָרם פון אַ שיפל, — איך לייג עס אַריין און איך לאָז זיך צום שעף. אין מיטן דרינען, אַזוי גייענדיק, האָט זיך די שלאַנג אַרויסגעגליטשט פון היטל. אין דעם מאָמענט איז אַדורכגעגאַנגען דער פּאָרוטשניק (לייטענאַנט) און זעט אַז עס שטייט עפּעס אַ קראַנץ אַרום דעם און גיט אַ פרעג: — וואָס איז דאָס? איך שטעל זיך „באַטשנאָשט" און זאָג אים אין וואָס עס האַנדלט זיך. זאָגט ער, כ'זאָל עס אים געבן. — מיטן שענסטן פאַרגעניגן. כ'האָב זיך דערפרייט, — אַראָפּ פון מיר אַן עול. דער פּאָ־רוטשניק שיקט באַלד אַ זעלנער ער זאָל גיין צו אים אין שטוב און ברענגען אַ גרויסע פלאַש (בוטלע). איך מיטן פּאָרוטשניק האָבן מאַנעווורירט מיט דער בוטלע, אַז די שלאַנג זאָל אַריינקריכן. ס'איז אונדז געלונגען — זי איז אַריין. מיר האָבן גוט פאַרשטאָפּט די בוטלע

און ער איז מיט איר אַוועק. איך האָב לייכטער אָפּגעעטעמט, א... א... פטור געוואָרן דאָס אומגליק.

עס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט — עס האָט זיך באַוויזן אַ זעלנער און מיר געזאָגט: „מען רופט דיך אין וואַך־צימער". אַז מען רופט, מוז מען גיין. וואָס איז געשען? ווען דער פּאָרוטשניק איז אַדורכגעגאַנגען מיט דער בוטלע, האָט ער געזאָגט, אַז איך האָב אים דאָס געשאָנקן. — אַזוי? ווי קומט צו אים דאָ אַ שלאַנג? מען האָט אָנגעהויבן צו פאָרשן ווי אַזוי די שלאַנג קומט אַהער. אין דעם מאָמענט איז אָנגעקומען דער מאַיאָר — ער האָט אויסגעזען ווי אַ הונט — זיין הינטיש פּנים שטייט מיר נאָך היינט פאַר די אויגן.

— פאַר וואָס האָסטו די שלאַנג געבראַכט? — פרעגט ער מיך.

איך ענטפער אים פּשוט:

— איך האָב זי נישט געבראַכט, די מאַמע האָט זי מיר געשיקט.

— צו וואָס? — פרעגט ער.

— כ'ווייס נישט...

— נו, מ'וועט שוין זען, — זאָגט ער.

אין דעם באַווייזן זיך צוויי „קאַנאַרקעס" (זשאַנדאַרמען). זיי נעמען מיך אַריין אין אַ באַזונדער צימער אויף אַן אויספאָרשונג.

— ווער איז געווען שלעכט צו דיר? — האָבן זיי געפרעגט.

— קיינער נישט.

— צו וואָס האָט מען עס דיר געשיקט?

— כ'ווייס נישט. די מאַמע האָט עס מיר געשיקט. דאָס איז אַלץ.

מען לאָזט מיך נישט אָפּ און מען פאָרשט. איך קוק דורכן פענצטער און זע, ווי מען מוטשעט די זעלנער מיטן „פּאַדני! פּאָווסטאַן!" און איך שטיי אין אַ וואַרעמען צימער און בין זיך מחיה. איך בין דאָך עפּעס אַ זיבעלע — איך האָב דאָך אַלע מאָל ליב געהאַט וואַרעמקייט. נישט נאָר אַלס זיבעלע, נאָר טאַקע אויך אין געזעלשאַפטלעכקייט.

דערווייל איז אָנגעקומען אַ קאַרטל פון דער מאַמען. זי שרייבט, „ליב קינד! אויב דאָרט געפינט זיך אַ שלאַנג, האָב נישט קיין מורא, מעגסט אַלץ עסן, ס'איז אַלץ אין אָרדנונג" איך זעץ די פאָרשער איבער די פּאָר שורות — קיין גרויסער פּויליש־קענער בין איך נישט געווען. אָבער אַביסל האָב איך גע־דרעפּטשעט. אָבער זיי האָבן מיר נישט געגלויבט. מען האָט נעבערענגט אַ צווייטן „זשידעק", אַן או־לאַנער (אַ רייטער). ער האָט נישט געקענט לייענען און דאָס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן. (ער האָט געשטאַמט פון די קרעסן). זיי האָבן אים געגעבן דאָס קאַרטל, ער זאָל עס איבערלייענען. דרייט ער עס אַהין, דרייט אַהער און ענטפערט: „טאָ יעסט פּיסאַנע פּאָ העבראַיסקו" (דאָס איז געשריבן אויף העברעאיש). איך האָב אויפגעקלערט, אַז סיי יידיש און סיי העברעאיש שרייבט מען מיט די זעלבע או־תיות. זיי האָבן זיך געכאַפּט, אָבער נישט אין גאַנצן. צום שלוס הייסן זיי מיר אַראָפּנעמען דעם פּאַסיק

ד. ה. אַז איך בין אַרעסטירט, און שיקן מיך אין דער באַגלייטונג פון אַ באַוואָפנטן זעלנער, איך זאָל ברענגען אַלע זאַכן, וואָס כ׳האָב באַקומען פון דער היים, — דעם בריוו אויך.

באַפעל איז באַפעל. איך האָב אַלץ גענומען, אַפילו די פּאַפּיראָסן פון פּעקל — ס׳איז געווען פון כל טוב. די מעשה האָט זיך אויפגעקלערט: אונדזער הערשקע איז געווען אַ גוטער תלמיד — איך געדענק נישט, אין וועלכער שולע ער האָט געלערנט, ווייל די פּוילישע שולן זענען מיר געווען אומבאַקאַנט. און אַזוי ווי ער איז געווען דער בעסטער שילער פון קלאַס, האָט דער לערער פון נאַטור־וויסנשאַפט אים גע־שאָנקען די שלאַנג אַלס אָנערקענונג פאַרן בעסטן שילער פון קלאַס. די שלאַנג איז געווען אין אַזאַ שטייג ווו מען האַלט קאַנאַריקעס, מיט געדיכטע דראָטן, אַז זי זאָל נישט קאָנען אַרויסקריכן. ס׳יינגל האָט די מתנה אַהיימגעבראַכט. ווענלדיק זיך באַ־ווייזן פאַר מיין מאַמען, וואָס פאַר אַ גוטער שילער הערשקע איז, האָט זיין מאַמע איר געוויזן די שטייג און מיין מאַמע האָט געבעטן, מען זאָל זי איר באָרגן אַהיים, צו ווייזן די שכנים. ווער עס איז געקומען פלעגט זי ווייזן די שלאַנג אין איר גאַנצער שיינקייט. זי איז באמת געווען שיין, דיק, ווי אַ דאָמין־פינגער ביי אַ מענטשן. אין דעם אָוונט, ווען די מוטער האָט מיר געגרייט דאָס פּעקל צום אַרויסשיקן, האָט זי צופעליק פאַרגעסן אַ פּודעלע מיט גוטאַלין (שיך־פּאַסטע). זי איז געלאָפן קויפן און אַזוי ווי אַלע געשעפטן זענען שוין געווען פאַרמאַכט, האָט זי גע־

מוזט וואַרטן ביז אין דער פרי. דאָס פּעקל איז געשטאַנען נעבן דער שטייג פון דער שלאַנג — די שלאַנג האָט נאָר געגעסן פלייש. אין פּעקל איז אויך געווען וווּרשט. מסתמא האָט די שלאַנג עס דערשנאַפּט און זי האָט אַזוי לאַנג אַרומגעאַרבעט, ביז זי האָט זיך אַריינגעצויגן אין פּעקל — זי האָט דאָך געהאַט אַ גאַנצע נאַכט צייט אויף דעם. גאַנץ פרי, די מאַמע איז אויפגעשטאַנען, איז זי געלאָפן קויפן די שיך־פּאַסטע, זי אַריינגעלייגט אין פּעקל, פאַרמאַכט עס און פאַרנייט, און אַוועקגעטראָגן צו דער באַן, ס׳זאָל וואָס שנעלער דערגיין, דער זון זאָל וואָס שנעלער דערפון הנאה האָבן. נו, איר ווייסט שוין וואָסערע הנאה איך האָב דערפון געהאַט...

ס׳האָט נישט לאַנג געדויערט און איך האָב צוריק באַקומען די זאַכן. מען האָט מיר געזאָגט, אַז איך מעג אַלץ עסן, ווייל די שלאַנג איז נישט גיפטיק. אָבער צרות האָבן זיי מיר פאַרשאַפט גענוג. די בידגאָשטשער צייטונגען האָבן געשריבן זייערע קאָ־מענטאַרן „אַ זשידעק האָט געוואָלט פאַרסמען דעם גאַנצן אוסמי דיאָן”... ס׳איז געווען אַ גאַנצע סומאַטאָכע, שיער נישט קיין בייליס־פּראָצעס. זיי האָבן נאָך אַלץ געפאָרשט אין דער היים ביי דער מאַמען, ביים לערער... דער לערער איז טאַקע געווען אַ פּאָליאַק, אָבער ער האָט באַשטעטיקט, אַז ער האָט געגעבן די שלאַנג דעם שילער הערש. די מעשה איז איינגעשלאָפן, נאָר איך בין פּאָפּולער געוואָרן.

איך בין באַפרייט געוואָרן פון מיליטער און אַהיימגעפאָרן אין אַ גוטער שעה. שוין זייענדיק אין

דער היים בין איך נישט געגאַנגען זוכן אַרבעט נאָר כ׳האָב צוגעהאָלפן דער מוטער נייען וועש. מאַשין־אַרבעט האָט איך דאָך געקאָנט.

אַ פּאָר הייזער פון אונדז האָט געוווינט מאיר קוטשינסקי. דעם פאָטערס נאָמען געדענק איך נישט. דער פאָטער איז געווען אַ שוסטער פון פאַך. דער זון, מאיר, האָט אים געהאָלפן אין דער אַרבעט. איך האָב מיט זיין שוועסטער — איך מיין, אַז זי איז געווען די יינגסטע, יוכבד האָט זי געהייסן — גע־שפילט צוזאַמען אין אַ פיעסע פון גאָרדאָן. אויב איך האָב קיין טעות נישט, איז דאָס געווען „די אמתע קראַפט״. איך האָב געשפּילט די ראָל פון חיוטין, דעם לערער. דער מאיר קוטשינסקי איז געווען אַ גוטער רעדנער, אַ פּועלי־ציוניסט, איינער פון די בעסטע און באַליבטסטע, אַ גוטער דיסקוטאַנט. ער האָט חתונה געהאַט מיט אַ מיידל, דעם דאָזאָרס טאָכטער און זיי האָבן געמוזט אַנטלויפן קיין בראַזיל, ווייל אירע עלטערן האָט דער יחוס נישט געפּאַסט. איצט וווינט ער אין סאַן־פּאַולא, בראַזיל.

איך האָב שוין דערמאָנט דעם פעטער יעקב־יהושע. זיין יינגסטע טאָכטער, מאַלטשע, איז פּול־וויניקער אין מיינע יאָרן. זי האָט מיר אַמאָל געזאָגט: „אויב דו ווילסט, וועל איך דיך לערנען פּויליש״. זי האָט מיך טאַקע געלערנט און איך האָב טאַקע געוואָלט, אָבער ווו נעמט מען אַזויפיל צייט? מ׳נעמט פון אַלעם צו ביסעלעך.

די עלטסטע טאָכטער,ביילע, האָט עולה געווען. ווען ער האָט וועגן דעם דערציילט אין שטיבל, האָט

מען אים קריטיקירט, פאַר וואָס ער האָט זי געלאָזט פאָרן — דאָרט לעבט מען דאָך „נאַ וויאַרע״ ד. ה. אָן חופה קדושין. דער פעטער האָט זיך שטאַרק איבער־גענומען און איז אַראָפּ פון זינען. מען האָט אַלץ געטאָן, בכדי אים צו היילן, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. ער איז געווען נישט ביים קלאָרן שכל ביז ער איז נפטר געוואָרן. כבוד זיין ליכטיקן געשטאַלט. איך זע אים שטענדיק פאַר מיינע אויגן.

דער זון פון יעקב־יהושע, משה, האָט געהאַט צוויי קינדער, וואָס זענען דאָ אין ישראל אויסגע־וואַקסן. דאָס זענען אהרן און מוטי מגד. דעם קוזין משה, האָב איך נאָך געזען אין ישראל ווען איך בין געווען אַלס טוריסט אין יאָר 1960, צוזאַמען מיט מיין פרוי. מיר האָבן זיך איינער מיטן צווייטן זייער געפרייט. אַ יאָר פאַר אונדזער עליה אין יאָר 1964, איז דער קוזין משה נפטר געוואָרן. כבוד זיין אָנדענק!

מיר האָבן באַקומען אַ קאַרטל פון דער קוזינע מ. זי האָט חתונה געהאַט.

די מאַמע האָט מיך געהייסן פאָרן און איר אָנווינטשן.

ביי אונדז איז אַלע מאָל געווען געזאָגט און גע־טאָן. אויף צומאָרגנס בין איך געפאָרן. אָנגעקומען בשלום. עס איז געווען פרימאָרגן. מיר האָבן זיך וואַרעם באַגעגנט.

— ער אַרבעט אין וואַרשע, — האָט זי מיר גע־זאָגט. — ער קומט אַהיים ערשט שפּעט ביינאַכט. איך בין באַלד אַוועק. ווייל פון אָטוואָצק קיין וואַרשע איז דאָך אַ קאַצן־שפּרונג. איך זוך אים אָפּ.

ער האָט געאַרבעט אויף אַן „אָברע״ אַלס אָנגעשטעלטער. מיר האָבן זיך צונויפגערעדט און צוזאַמען שוין געפאָרן קיין אָטוואָצק. איך בין דאָרט פאַרבליבן צוויי טעג. מיר האָבן געהאַלטן אין איין רעדן און שפּאַצירן. עס איז טאַקע אַ מחיהדיקע לופט. מיר האָבן נישט אויסגעשעפּט אַלע אינטערעסירנדיקע אונדז טעמעס, אָבער איך האָב געמוזט צוריקפאָרן און קודם אַרומקוקן זיך אין וואַרשע. מיר האָבן זיך געזעגנט, צעקושט, און אַוועק.

צוריקפאָנדיק האָב איך זיך פאַרהאַלטן אין וואַרשע 2 טעג. איך האָב גענאָסן פון פולע עמערס פון דעם, וואָס אַ גרויסע שטאָט האָט געקאָנט געבן אַזאַ פּראָווינצער ווי איך בין געוועזן. אויפן וועג אַהיים האָב איך שוין געטראַכט, אַז וולאָצלאַוועק איז שוין נישט מער פאַר מיר. כאָטש אין וולאָצלאַוועק האָט מען זיך געקאָנט גוט אויסלעבן גייסטיק, אָבער וואַרשע!

אַהיימקומענדיק האָב איך אָפּגעגעבן דער מאַמען און דער שוועסטער אַ באַריכט. די מאַמע האָט געשטראַלט פאַר פרייד. אָבער די שטראַלונג איז איר נישט פאַרשוואונדן כאָטש איך האָב איר אָנגעזאָגט די בשורה, אַז איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן אַרבעטן קיין וואַרשע. איך האָב געמיינט, אַז עס וועט זי פאַרדריסן אָבער איך האָב באַמערקט, אַז דאָס האָט זי גאָר דערפרייט. דאָס מאָל האָב איך שוין נישט מיטגענומען קיין קויבערל, נאָר מער מאָדערן, אַ וואַליזקע. צוזאַמען מיט דער מאַמען האָבן מיר געפּאַקט די זאַכן — איך האָב שוין דאַן געהאַט

מערערע זאַכן. איינפאַקנדיק, האָט די מאַמע אַריינ־געמורמלט ברכות, אַז כ׳זאָל נושא חן זיין ביי מענטשן. צוזאַמען מיט דער שוועסטער — זי איז דאָך שוין געווען אַ גרויסע, — האָט זי מיך באַגלייט צו דער באַן. מיר האָבן זיך האַרציק צעקושט, שוין נישט מיט קיין טרערן אין די אויגן. די מאַמע האָט געוווּסט, אַז איך פאָר אַרבעטן און לערנען.

און איך האָב טאַקע געלערנט. דאָס איז געווען אָנהויב יאָר 1927. וואַרשע איז געווען דעמאָלט מיין אויסגעטרוימטע שטאָט. דאָרט קאָן מען באַלד האָבן „קליטה". איך בין געשוווּמען ווי אַ פיש אין וואַסער, געוואָלט אַלץ בייזיין, אַריינכאַפּן. כ׳בין שוין מער נישט געפאָרן אַהיים, אַפילו אויף יום־טובים. איינגעזאַפּט וואַרשע אין זיך און וואַרשע האָט מיך צוגעשמידט צו זיך. אַזוי איז געווען ביזן יאָר 1930. ווען איך האָב באַקומען אַ בריוו מיט אַ שיפקאַרט פון מיין ברודער בער פון אַרגענטינע. ער האָט געשריבן, אַז צוזאַמען וועלן מיר קאָנען שפּעטער אַהינצו נעמען אונדזער ליבע מוטער און די שוועסטער. און ווי אַ צולאָג, אויך אונדזער על־טערן ברודערס זון, איצוש. דוד, זיין פאָטער, איז געווען אַ צאַרטער, איידעלער מענטש. זאָל ער האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן.

אין יאָר 1930 בין איך אָפּגעפאָרן פון פוילן קיין אַרגענטינע. מיט אַ שווער האַרץ, נישט צוליבן פאַר־לאָזן פוילן, נאָר צוליב פאַרלאָזן וואַרשע, ווו מען האָט געהאַט אַלצדינג און צום אויפהאַלטן דעם נפש איז געווען גענוג אַ טרוקן שטיקל ברויט.



אָנקומענדיק קיין בוענאָס־אײרעס בין איך פאַר־פאָרן צום „משוגענעם איטשע״. אַזוי האָט מען אים גערופן און אַזאַ איז ער געבליבן. אַ צוויי טאָג האָבן מיר זיך געפרייט — געגעסן, געטרונקען פון שענסטן און בעסטן, דערנאָך אַוועקגעפאָרן צום ברודער קיין קאָרדאָבאַ. די פרייד פון דער באַגעגעניש, קאָן איך נישט באַשרייבן. ווער ס׳האָט נאָענטע משפחה, זאָל זיך עס אַליין אויסמאָלן.

אין יענער צייט איז אין אַרגענטינע געווען זייער שווער. מיר ביידע האָבן זיך מיט גאָרנישט גערעכנט. מיר זענען געווען גרייט אַפילו צו גנבענען, אַבי וואָס פריער אַהערצוברענגען די מוטער, מיט דער שוועס־טער פאַרשטענדלעך, אַבי צו זיין צוזאַמען. עס האָט טאַקע נישט געדויערט לאַנג — נאָר אַ פאָר מאָנאַט ווי מיר זענען געווען פאַראייניקט. איך וויל נאָר זאָגן וואָס עס שטייט אין די הקדמות: ווען דער הימל זאָל זיין פאַרמעט און ימען זאָלן זיין טינט, וואָלטן זיי נישט געווען גענוג, צו באַשרייבן די פרייד, וואָס איז געווען צווישן אונדז.

איצט וועגן קאָרדאָבאַ. די מוטער פלעגט פון צייט צו צייט קרענקן. דאָס איז וואַרשיינלעך געווען אַ פועל יוצא פון לאַנגע יאָרן שווערע אַרבעט. איין מאָל האָט מען זי געמוזט אינטערנירן אין שפּיטאָל. מיר האָבן געאַרבעט מעשים. איר ווייסט דאָך, אַז אין שפּיטעלער זענען דאָ באַשטימטע שעהן אויף באַזוכן ביי קראַנקע. מיר האָבן געטאָן אַלץ, געקראָכן דורך פּלויטן, אַבי אַריינצוקומען אין שפּיטאָל און

ברענגען דער מאַמען מאַראַנצן־זאַפט, און אַנדערע גוטע זאַכן. מיר האָבן זיך באַמיט צו ברענגען צו איר אַ יידישן דאָקטאָר, פּריוואַט, ווייל עס איז נישט געווען דערלויבט צו קאָנסולטירן זיך מיט אַ דאָק־טאָר, וואָס האָט נישט געאַרבעט אין דעם שפּיטאָל. אָבער מיר האָבן געפּועלט ביים דאָקטאָר דוקאַטש, אַז ער זאָל באַזוכן און זען עפּעס צו העלפן. מיר האָבן זיך איינגערעדט, אַז גויישע דאָקטוירים האָבן אפשר ווייניקער אינטערעס אין אַ יידישן פּאַציענט. עס איז נישט אַזוי, אָבער דעמאָלט האָבן מיר אַזוי געטראַכט. דאָקטאָר דוקאַטש האָט אונדז צוגעזאָגט צו באַזוכן די מאַמע אין דער צייט פון די וויזיטן. ער האָט גענומען אין דער האַנט דעם פּולס פון דער קראַנקער און געזאָגט, אַז עס איז נישטאָ קיין גע־פאַר. טראָץ דעם, וואָס די מאַמע האָט געהאַט שטאַרקע ווייטאָקן אין דער רעכטער האַנט, איז זי אָבער נאָך צוויי וואָכן געזונט געוואָרן. אָבער זי האָט שוין אָנגעהויבן זיך איינברעכן, צו ווערן אַ שאַרבן.

אין קאָרדאָבאַ איז געווען אַ ייד מיטן נאָמען פּינקוס. געשטאַמט האָט ער פון בעסאַראַביען. אַ גוטער מענטש געווען. ער האָט געהאַט אַ פרוי מיט צוויי טעכטער. איינע איז געווען פאַרהייראַט און די צווייטע האָט נישט געוואָלט חתונה האָבן, ווייל מען וועט דעם פאָטער רופן „זיידע". זי האָט נישט געוואָלט וויסן, אַז מיט איר באַשלוס פאַרשאַפט זי די עלטערן צער.

דער פּינקוס איז פון פאַך געווען אַ שניידער —

מיר האָבן ביי אים באַקומען אַרבעט. ער האָט שוין געזאָרגט, אַז מיר זאָלן האָבן די ערשטע אַרבעט. ער האָט דאָך געוווּסט, אַז מיר זענען אַ משפחה פון פיר פערזאָן. און דעמאָלט איז אין אַרגענטינע נישט געווען לייכט צו קריגן אַרבעט. מיר זענען נישט געווען די איינציקע וועמען ער פלעגט העלפן, נישט נאָר מאַטעריעל, אַמאָל אויך מיט אַ גוטער עצה, אַן אינטערווענץ. ער האָט פאַרנאַכלעסיקט זיין געשעפט אַבי יענעם צו העלפן. ער איז שוין אַוועק דאָרט, פון וואַנען מען קומט מער נישט צוריק. ער האָט זיך פאַרדינט, אַז מען זאָל אָפּגעבן אַ דרייפאַכיקן כבוד זיין אָנדענק.

און נאָך אַ דערמאָנונג; ווען איך בין אָנגעקומען אין קאָרדאָבאַ האָב איך באַקענט אַ יונגערמאַן מיטן נאָמען שלמה האַנדלסמאַן פון לוקעוו. אַ זיידענער יונגערמאַן געווען. אַ געוועזענער ישיבה בחור — ער האָט געברענגט אויך זיין כלה און חתונה געהאַט. ער האָט זיך אַריינגעצויגן צו אונדז, ווייל מיר האָבן צו יענער צייט געהאַט אַ גרוימע וווינונג. אין אַרגענ־טינע איז אַ וווין־צימער נישט געווען קיין פּראָבלעם, — אַלץ איז געווען ביליק, אַפילו די אַרבעטס־קראַפט. מען האָט נאָר באַדאַרפט האָבן די פּאָר פעזעס. ס׳האָט נישט געדויערט לאַנג און זיין פרוי האָט געבוירן די ערשטע טאָכטער. אפנים, צו דעם טויגן זיך די ישיבה־בחורים אויס. געווען אַ שמחה, אַ גדולה, מען האָט געשיכורט — אַ קלייניקייט: אַן ערשטלינג! יענטעלע האָט מען איר אַ נאָמען געבען. היינט וווינט זי אין מדינת ישראל אין אַ קיבוץ.



שלמה האַנדעלסמאַן, זיין פרוי רבקה,
און טעכטער: יענטע, בערטאַ און מאַרטאַ.

איר מאַן אירער הייסט בערנאַרדינאַ, דאַכט זיך, אויך אַ קאָרדאָבער. ער איז געווען אַ שליח פון מפ"ם אין בוענאָס איירעס. געהאָלפן דערציען מיין זון דאַניעל אין דער באַוועגונג.

דער שלמה איז געגאַנגען מיט אַ ביכל אין דער האַנט און שטודירט ווי אַזוי מען דאַרף דערציען דאָס קינד. אָפגעהיטן פינקטלעך ווען מען דאַרף דאָס קינד קאָרמען, וואָרים די פרוי זיינע, רבקה, וואָס קאָן זי וויסן, דאָס איז דאָך געווען אַן ערשטלינג, — האָט ער געלייענט, ווי אַזוי מען דאַרף קאָרמען דאָס

קינד. מיין מאָמע האָט באַמערקט, אַז ס'קינד נעבעך טרוקנט איין, מאַכט זי אַ געוואַלט:

— שלמה, לייגט אַוועק דאָס ביכל! — און צו ריווטשען: — וואָס טוט זיך מיט אייך? איר זעט נישט, אַז דאָס קינד טרוקנט איין? און די מוטער מיינע האָט ערשט גענומען העלפן און אַרויסגע־בראַכט דאָס קינד אויף אַ דרך, אָן אַ ביכל. ביי מיין מאַמען איז דאָס קינד געוואַקסן ווי אויף הייוון. היינט האָט יענטל אַליין דריי קינדערלעך, סאַברעס ווי די בערעלעך.

לאָמיר ווידער גיין צוריק. איצט שוין אַ ביסל ערנסט. נאָר דאָרט ווו עס האַנדלט זיך וועגן פער־זענלעכע ענינים, דאַרף מען זיין ערנסט. איך האָב זיך באַקענט מיט אַ מיידל און איך האָב געזען אַז דאָס איז זי. זי האָט דאָס אויך געפילט, איר פאָטער איז אויך געווען אַ שניידער, אַ ווילער מענטש. אויך די מוטער איז געווען אַ סימפּאַטישע פרוי. אַלץ, ווי מען זאָגט: האָט געקלאַפּט. מיר זענען „געגאַנגען" אפשר דריי יאָר. גענוי געדענק איך נישט.

קאָרדאָבאַ ליגט אין אַ בערגיקער געגנט און האָט אַ גוטן קלימאַט. אָבער די לופט האָט מיר אָנגע־הויבן צו שטיקן. עס האָט געפעלט אַ געזעלשאַפטלעך־קולטורעלע אַטמאָספער; און איך האָב באַשלאָסן צו פאַרלאָזן קאָרדאָבאַ און זיך איבערפעקלען קיין בוענאָס־איירעס. דאָרט איז שוין געווען אַן אַנדער לעבן, ווו מען האָט געקאָנט געפינען אַלץ, וואָס אַ מענטש וויל, בפרט אויפן געזעלשאַפטלעכן געביט. ס'האָט נישט געדויערט קיין מאָנאַט צייט און די

עלטערן מיט דעם מיידל האָבן נאָכגעטאָן מיין ביי־שפיל און אויך זיך איבערגעצויגן קיין בוענאָס־איירעס. ס׳קאָן זיין, אַז זיי האָבן דאָס געטאָן צוליב דער טאָכטער. וואָס טוען נישט עלטערן פאַר קינדער?

די משפחה בולנעס האָט זיך איינגעאָרדנט. איך האָב זיי מיטגעהאָלפן אין דעם, ווייל איך האָב זיך דאָך געפילט ווי אַן אייגענער. מאַשע, די טאָכטער, איז געגאַנגען אין דער יצחק טייטש־שול ביים אַק־טיאָרן־פאַראיין, אַבי מיר זאָלן זיך קאָנען זען, כאָטש זי איז נישט געווען פאַראינטערעסירט אין טעאַטער. ס׳האָט שוין געהאַלטן ביי שרייבן תנאים. מיין מוטער איז געווען אין זיבעטן הימל פאַר פרייד, אַז זי וועט איר זון, זישע, אין קורצן פירן צו דער חופּה.

דאָס מיידל איז געווען נאַאיוו. איר צו געבן אַ קוש איז געווען הימל עפן זיך. איך האָב עס איר נישט אָנגענומען פאַר שלעכט. נאָר אַ פּאָר טעג פאַרן שרייבן די תנאים, איז איר פאָטער געגאַנגען מיט מיר שפּאַצירן און אין אַ געשפרעך פאַרלאַנגט, איך זאָל אים געבן אַ וואָרט, — ער האָט געהאַט צוטרוי צו מיר — אַז נאָך דער חתונה זאָלן מיר וווינען אַליין, נישט צוזאַמען מיט מיין מוטער. עס גייט נישט אין דעם, אַז איך זאָל זי נישט שטיצן מיט וויפל איך וועל פאַרשטיין, נאָר נישט וווינען צו־זאַמען. מסתמא האָט ער מורא געהאַט אַז אַ שוויגער קאָן קאַליע מאַכן דעם שלום בית. ער האָט גערעדט ווי אַ פאָטער דאַרף רעדן, ווייל ער זאָרגט, אַז זיין קינד זאָל זיין ווי אַמבעסטן. עס האָט מיר געגעבן

אַ שטאַרקן שטאָך. — וואָס הייסט? אַ מאַמע?...
איך האָב זיך באַמיט צו באַרויקן און אים אויף אַן
איידעלן אופן געזאָגט:

— איר, אַלס פאָטער, האָט זייער רעכט; איר
זענט דאָך אַ טאַטע. אָבער וויכטיק פאַר מיר איז
מאַשע. וואָס זאָגט זי?

ענטפערט ער:

— זי איז מסכים מיט מיר.

— הערט זיך איין, פריינד בולנעס, איך גיב איר
דריי טעג צייט (זי פלעגט קומען צו אונדז אין שטוב
יעדן טאָג) — אויב זי וועט נישט קומען, איז אַ סימן,
אַז זי איז מסכים מיט אייך.

ס'האָט גענומען אַכט טאָג און מאַשע איז נישט
געקומען. שכנים האָבן געוואָלט שפּעטער אינטער־
ווענירן, אַז ס'זאָל ווערן שלום, האָב איך געענטפערט:

— מיר האָבן זיך דען געקריגט? עס איז גאָרנישט
געווען און עס וועט גאָרנישט זיין. די מוטער האָט
מיך נישט געפרעגט פאַר וואָס מאַשע קומט נישט —
זי האָט ווייזט אויס פאַרשטאַנען, אַז ס'איז עפּעס
פאָרגעקומען. אָבער אַז איך האָב איר נישט דערציילט,
האָט זי אוודאי געטראַכט, אַז אַזוי דאַרף עס זיין.

מיט מיין ברודער בין איך קיין מאָל נישט געווען
מסכים נישט אין דער אַרבעט און נישט אין געזעל־
שאַפטלעכע פראַגן. מילא, יעדער האָט דאָך זיינע
קאַפּריזן, אָבער ער האָט געהאַט אַן איבערגעטריבע־
נעם קאַפּריז. ער איז געווען אַ רעליגיעזער. אָבער
נישט דאָס איז געווען די סיבה, וואָס מיר האָבן
נישט געלעבט בשלום. ווי אַ ביישפּיל: ווען עס איז

ווער אַריינגעקומען — און עס פלעגן צו אונדז אַריינ־קומען אַ סך מענטשן, פלעגט מען רעדן, דערציילן מעשיות. איך פלעג גערן הערן און גלייכצייטיק אַרבעטן. ער איז געווען דער היפוך. אַז ער האָט דערציילט אָדער געהערט, האָט ער אַראָפּגעלאָזט די הענט. איך פלעג זאָגן:

— בער, קאָנסט דאָך אַרבעטן און רעדן.

— וואָס? איך קאָן נישט מבייש זיין מענטשן, רעדן צו זיי און נישט אויפהויבן דעם קאָפּ? — פלעגט ער טענהן.

— אויב דער מענטש וועט זיך באַליידיקן, אַז דו רייסט נישט איבער די אַרבעט און קוקסט נישט אויף אים, אין דער צייט, ווען ער ווייס, אַז דאָס איז דיין ברויט, דיין לעבן, איז פאַרפאַלן, זאָל ער זיך באַליידיקן.

צוליב אַזעלכע זאַכן האָבן מיר נישט געקאָנט זיין צוזאַמען און אַרבעטן. עס איז געקומען אַ טאָג און ער האָט געאַרבעט פאַר זיך און איך פאַר זיך. אָבער די מוטער האָט אַלע מאָל געצויגן צו מיר. נישט חלילה, ווייל זי האָט מיך מער ליב געהאַט ווי די אַנדערע קינדער, — דאָס קאָן דאָך נישט זיין, — נאָר ס׳מאַכט זיך אין אַ משפחה, אַז איין קינד איז מער צוגעלאָזן. עס איז לייכטער זיך צו פאַרשטיין, פאַראַן אַ געמיינזאַמע שפּראַך. דעריבער האָט די מוטער געוואָלט בעסער זיין מיט מיר, ווייל מיר האָבן זיך גוט פאַרשטאַנען.

אין 1936 האָט די שוועסטער חתונה געהאַט מיט אונדזערס אַ לאַנדסמאַן פון דאָבזשין. מיטן

נאָמען איסר רבי. ער איז נישט געווען קיין רבי, ער האָט נאָר אַזוי געהייסן. זיי האָבן צוויי זין און אַ טאָכטער. דער עלטסטער האָט דאָ חתונה געהאַט אין קיבוץ הראל מיט אַן אַרגענטינערין. זיי האָבן צוויי מיידלעך און אַ ייִנגל. איצט איז ער געשיקט געוואָרן אַלס שליח קיין מעקסיקע. די טאָכטער איז אין לאָס־אַנזשעלעס. דער מאַן הייסט סטען. זיי האָבן איין ייִנגעלע, געבוירן אין אַמעריקע. דער ייִנגערער זון איז צוזאַמען מיט די עלטערן.

איך האָב באַשלאָסן נאָכן איבעררייסן מיט מאַשען, אַז איך וועל הייראַטן נאָר אַ גרושה אָדער אַן אלמנה. און עס איז געקומען דאָס וואָס איך האָב זיך געווינטשן. אין 1931 האָב איך זיך באַקענט מיט מיין צוקונפטיקער באַשערטע. זי איז פון אַ פאַמיליע, וועגן וועלכער איך האָב געטרוימט. זי איז געקומען פון ישראל — דאָס איז דאָך זיכער געווען ווי מען זאָגט, מן השמים. מיר האָבן זיך נענטער באַקענט — זי האָט זיך געפירט אויפן ישראלדיקן שטייגער. געשיקט מיר פון צייט צו צייט בלומען נאָך אַ פרעמיערע, אַ שיינע מידה פון ישראל. איך האָב עס אַביסל שעמעוודיק אָנגענומען. איך האָב געטראַכט: מסתמא האָב איך זיך דאָס פאַרדינט. איך האָב מיט דער צייט זי פאַרגעשטעלט מיין מוטער, וואָס האָט אַ צופרידענע זי אויפגענומען ווי אַן אייגענע.

אין צווישנצייט האָט מיין ברודער בער חתונה געהאַט. דאָס האָט ער צוליב געטאָן דער מאַמען, זי זאָל האָבן נחת. מיר האָבן אין יענער תקופה אויסגענוצט יעדע מעגלעכקייט צו פאַרשאַפן דער

מוטער אַ ביסל נחת. דאָס איז איר הייליק געקומען. זי האָט טאַקע געהאַט פון אונדז נחת, ספּעציעל פון מיין שטייגן אין טעאַטער. מיט דער צייט האָט זיך דער ברודער געגט מיט דער פרוי — אַ זאַך, וואָס טרעפט זיך אין לעבן.

די מוטער איז שוין דעמאָלט געווען אַ צעבראָ־כענער שאַרבן. אין יאָר 1942 האָט זי אויסגעהויכט איר ליכטיקע נשמה. וואָס זאָל איך דאָ זאָגן? עס איז נישטאָ ביזן היינטיקן טאָג דאָס וואָרט, וואָס זאָל מיך קאָנען טרייסטן.

אין דעם זעלבן יאָר האָב איך חתונה געהאַט. אַ שטילע חתונה געווען, בלויז פּאַר שוועסטער און ברידער. שוין איבערגעגאַנגען אויף אייגענע קעסט, מיט מיין פרוי לאָלאַ, און מיר האָבן אָנגעהויבן בויען אַן אייגענע נעסט.

מיט דער הילף פון לאָלאַס ברודער האָבן מיר זיך איינגעאָרדנט בעסער. די פרוי האָט געאַרבעט אין שטוב ביז עס איז געבוירן געוואָרן ראובן. און דערנאָך דאַניעל און ראַפּי.

אין יאָר 1952 האָט מיין שוואָגער יצחק שטור־מאק, דער מאַן פון מיין פרויס שוועסטער, מיך פאַרגעשטעלט זיינס אַ באַקאַנטן, וועגן וועלכן ער האָט געוווּסט, אַז פון דעם קאָרן וועט זיין ברויט. מיר האָבן געמאַכט אַ טראַנסאַקציע.

מיין שותף איז געווען אַ מענטש אין די 50־קער יאָרן, זעלטן צו טרעפן היינט אַזאַ אַרבעטער, וואָס האָט געקאָנט באַשטיין פּאַר דריי אַנדערע. ער איז געווען אַזוי פעיק, אַז וואָס מען האָט אים נישט

געפרעגט, האָט ער געוווּסט. פון וואַנען ער האָט עס גענומען? ווייס איך נישט. אַ מענטש מיט אַ סוחרישן חוש, אַ זאַך, וואָס האָט מיר געפעלט. צום ביישפּיל, אַז מען האָט אים געפרעגט ווו ס׳געפינט זיך אַ גע־וויסע גאַס — און בוענאָס איירעס איז נישט תל־אביב, — האָט ער געוווּסט צו זאָגן ווו זי געפינט זיך און ווי אַזוי מען קאָן דאָרט צופאָרן. ער האָט געקאָנט גוט חשבונען, געווען אַ גוטער קאַלקולאַטאָר. אַזאַ פּעאיקן מענטשן איז פּשוט נישט צו געפינען. ער האָט נאָר געוווּסט דעם וועג פון דער אַרבעט



מיין שותף, סאַמועל סקלאַר, פרוי און קינד

אַהיים און פון דער היים צו דער אַרבעט. ער האָט אַ פרוי מיט צוויי קינדער: אַ זון און אַ טאָכטער, אַ לעבן אויף זיי אַלע.

און וואָס האָב איך געטאָן אין געשעפט? איך האָב געזאָרגט קודם־כל וועגן דער מאַטעריעלער זייט, ד. ה. וועגן געלט. דאָס איז מיר נישט אָנגעקומען שווער, ווייל כ'האָב געהאַט קרעדיט. ווער האָט דערצו גורם געווען, אַז איך זאָל האָבן קרעדיט? מיין שוואָגער, יצחק שטורמאַק. מוז מען דאָך וועגן אים אויך זאָגן אַ פּאָר ווערטער. אַ ייד פון ביאַליסטאָק, פון פאַך אַ טעקסטילער, איז ער געקומען צו אַ גרויסער פאַבריק. היינט איז ער איינער פון די הויפּט־שותפים אין אַ בוי־געזעלשאַפט. עס רינט אָן עין הרע פון אַלע זייטן. זיי האָבן דריי טעכטער. דריי טעכטער, זאָגט מען, איז נישט קיין געלעכטער. אין דעם פאַל איז עס נישט ריכטיק. דאָ לאַכט זיך יאָ. די עלטסטע טאָכטער, איידע, האָט חתונה געהאַט מיטן ד״ר לעמאַנסקי — זיי האָבן שוין דריי קינדער: צוויי יינגלעך און אַ מיידעלע. מיר זענען געווען אויף זייער חתונה. לאָמיר האָפן, אַז דער פּראָצענט וועט זיין פאַר ישראל. כ'מיין דערמיט די אייניקלעך. די צווייטע טאָכטער, רידזשי, האָט שוין אויך צוויי קינדער. לאָמיר האָפן, אַז זיי וועלן אויך קומען קיין ישראל. די יינגסטע טאָכטער, פערלאַ, איז דאָ געווען זי האָט דאָ געוואָלט לערנען. די עלטערן זענען אָבער באַלד געקומען נאָך איר — אפשר צוליב בענקשאַפט. אָבער דער פאָטער האָט זי איבערגערעדט און צו־געזאָגט, אַז אויב זי וועט צוריקפאָרן קיין בוענאָס־

איירעס, וועט ער איר קויפן אַ לוקסוס־אויטאָ. זי האָט זיך פאַרענטפערט פאַר מיר:

— פעטער — האָט זי געזאָגט, — נישט צוליב דעם פאָר איך אַהיים, נאָר צו לערנען ווייטער אין סעמינאַר. דאָ אָנערקענט מען נישט אין דער פולער מאָס איר לערע. איך האָב אָפּגענומען פון איר גוטע גרוסן: זי לערנט גוט און פלייסיק. און ווי נאָר זי וועט ענדיקן איר שטודיום, וועט זי צוריקקומען קיין ישראל. הלוואי. איך גלויב איר, אַז זי וועט מקיים זיין איר צוזאָג.

וועגן זייער מוטער, מיין שוועגערין, קאָן איך נאָר זאָגן, אַז זי איז אַן איידעלע פרוי, אַן איבערגעגעבענע מוטער און אויך גוט פאַר מענטשן. זי אַרבעט מיט אין דער „וויצאָ" אין בוענאָס־איירעס. זי טוט פאַר ישראל וואָס זי קאָן. ווייל נישט אַלע פרויען האָבן די מעגלעכקייט און די הערשאַפט איבער דער קאַסע...

אין יאָר 1960 האָב איך געהאַט די זכיה צו מאַכן אַ לוסט־רייזע קיין ישראל צוזאַמען מיט מיין שוואָגער, דעם ייִנגסטן ברודער פון מיין פרוי. ער האָט מיטגעבראַכט זיין 13־יאָריקן זון. דער עלטערער זון איז אין בוענאָס־איירעס: ער האָט חתונה געהאַט און מיר זענען געווען אויף זיין שמחה. ער האָט שוין איצט צוויי קינדער.

דער שוואָגער, זייענדיק אין ישראל 10 טעג, איז פּלוצים געשטאָרבן ער איז אַלס געווען סך־הכל 51 יאָר. אַ האַרציקער, איידעלער מענטש געווען, גוט סיי פאַר דער פאַמיליע און סיי פאַר פרעמדע. ער

איז געווען אַן אינטעליגענטער מענטש. מיר בויגן דעם קאָפּ פאַר אים.

דער באַזוך אין ישראל איז צוליב דעם פאַל מיט אונדזער שוואָגער פאַרשטערט געוואָרן. דאָס איז פאַר אונדז געווען אַ שווערע איבערלעבונג.

מיר האָבן דעמאָלט געמאַכט פּלענער אויף דער צוקונפט, צו באַזעצן זיך אין אונדזער לאַנד.

אין אַ צייט אַרום, זאָגט מיין בחור ראובן:

— פּאַפּאַ, איך פאָר קיין ישראל.

מסתמא האָט ער שוין אַלץ געהאַט צוגעגרייט צום פאָרן אין קיבוץ חקוק.

— זאָל זיין אין אַ גוטער שעה! — האָב איך געזאָגט, ווייל אויך איך האָב געטראַכט וועגן עליה. מיר האָבן אים צוגעגרייט מיט וואָס עס איז נאָר געווען מעגלעך, געזעגנט אים און ער איז אין אַ גוטער שעה אַוועק.

מיט פיר מאָנאַט שפּעטער, זאָגט דער יינגסטער זון:

— מאַמאַ, פּאַפּאַ, איך וויל אויך פאָרן קיין ישראל.

דער מאַמען איז געוואָרן אַביסל קאַלעמוטנע: וואָס הייסט, דער יינגסטער וויל שוין אויך אַוועק פון דער היים? עס האָט נישט געהאָלפן און דורך דער עלית הנוער איז ער אַוועקגעפאָרן. מיר האָבן זיך געזעגנט מיט טרערן אין די אויגן, פאַר פרייד פאַרשטייט זיך. ער איז אָפּגעפאָרן מיט זיין מומע יעטי, וועלכע האָט מיט איר מאַן רפאל קיטאַי־גראָדזקי דעמאָלט עולה געווען. צוזאַמען מיט זיי

האָט אויך עולה געווען זייער עלטסטע טאָכטער רבקה מיט איר מאַן לייבל קאַפּלאַן, און זייערע דריי קינדער: רותי, דוד און אלי. נו, האָט אונדזער ראַפּי געהאַט אַ גוטע השגחה.

איר קאָנט זיך פאָרשטעלן אונדזער געזעגענונג. איך בין געשטאַנען אין אַ זייט און קאַלט זיך צוגע־קוקט: איך האָב דאָך געוווּסט אַז זיי פאָרן אַהיים. ער איז פאַרפאָרן אין קיבוץ חקוק צום ברודער.

די עלטסטע שוועסטער פון מיין פרוי, יעטי האָט פאַרנומען אַ גרויסע פּאָזיציע אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אין בוענאָס־איירעס. זי איז געווען פאָרזיצערין און פּרעזידענטין פון דער פרויען־פּיאָנערן־אָרגאַני־זאַציע און קרן קימת. אַן איידעלע, אינטעליגענטע פרוי.

דער מאַן אירער, רפאל קיטאַיגראָדזקי ז״ל, איז געווען דעם לעצטן שבת ביי מיר אין שטוב אין בת־ים — דאָס איז געווען דעם 28.11.71. ער איז געווען אַן איידעלער מענטש, אַ ייד אַ בן־תורה, אַ למדן. זייט מיין חתונה האָב איך נישט פאַרפעלט קיין איין סדר און פסח ביי אים. ער פלעגט אָפּריכטן אַ סדר מיט אַלע טעמים — אין רעדן, אין געזאַנג. ער האָט נישט נאָר מיך צוגעשמידט — נאָר אויך מיינע קינדער, און אַלע די, וועלכע האָבן בייגעוווינט זיין אָפּריכטן אַ סדר. אַזאַ גייסטיקן כוח האָט ער געהאַט. נאָך אים זאָג איך: יתגדל ויתקדש... אַלע מלאכים וועלן אים זיכער אַנטקעגן קומען...

די עלטסטע טאָכטער פון די קיטאַיגראָדזקי׳ס, רבקה, איז אַ לערערין אין לוד. אירע מעלות איז

נישט נויטיק צו באַשרייבן, גענוג צו זאָגן, אַז זי געראָט מיט זיי אַריין אין די עלטערן. איר מאַן, לייבל, איז פון פאַך אַ וועבער. אַן איידעלער מענטש. זייער עלטסטע טאָכטער איז אויך אַ לערערין אין לוד. זי איז אַ האַרציקע חברהמאַנטע. דער מאַן אירער, מאָטי, אַ האַרציקער פאָלקס־מענטש. זיי האָבן שוין צוויי פיצעלעך־סאַברעלעך — אַ לעבן אויף זיי!...

זייער זון, דוד קאַפּלאַן, שטודירט אין אַרגענטינע. אָנגעהויבן אין ישראל, — ער ספּעציאַליזירט זיך אין מיקראָ־עלעקטראָניק. און דער קליינער אלי, — ער איז 9 יאָר אַלט, — לערנט אויך פידל. אויף אַלע אונדזערע ליבע געזאָגט געוואָרן, — אַ האַרציק בחורל, שיין ווי די וועלט.

די יינגערע טאָכטער פון יעטי, זיוה, האָט חתונה געהאַט מיט מאַריאָ אַלעמאַן. זיי האָבן צוויי קליינע קינדער. זי איז אויך דאָ געווען מיטן מאַן און קינ־דער. זיי האָבן יורד געווען צוליב מאַטעריעלע סיבות קיין פּאַראַגוואַי. איצט איז דאָ אין ישראל מיט אַ גרופּע קינדער זייערס אַ זון. מיט דעם ברענגען אַהער די קינדער טוט ישראל אַ גוטע אַרבעט. איין קינד פון זיוה, אלי, איז אומגעקומען אין אַן עקצידענט אין פּאַראַגוואַי. אַ וווּיל בחורל געווען.

וואָס שייך דער עליה פון מיר און מיין פרוי, איז די זאַך אַזוי: מיר האָבן עולה געווען קיין ישראל אין 1964. מיר האָבן ליקווידירט דאָס גאַנצע האָב און גוטס. ס'איז נאָך געווען אַ גוטע צייט צום

ליקווידירן. עס איז נאָך היינט אויך צייט צו ליקווי־
דירן, אָבער עס ווערט וואָס אַ מאָל שווערער.

מיר האָבן דאָרט געלאָזט דעם מיטלסטן זון
דאַניעל. ער איז געקומען מיט אַ יאָר שפּעטער. ער
האָט געהאַט נאָך אַרבעט אין דער תנועה. דאַניעל,
דאַניעליטעלע ווי ס'פּאַרציט אים די מאַמע, — ער
האָט עס טאַקע די ווערט. עס איז ערשט אַ יאָר ווי
ער איז אַרויס פון קיבוץ. אויך אַוועק „אויף שלעכ־
טע וועגן" — ער שטודירט אָפיציעל, אין אוניווער־
סיטעט קאָמפּאָזיציע, און נישט אָפיציעל „זינדיקט
ער אונטער" מיט שרייבן דראַמעס. איך וויל צוגעבן,
אַז ער האָט געענדיקט אין בוענאָס־איירעס מיט אַ
דיפּלאָם, אַלס לערער פון מוזיק. אָבער ער האַלט
נישט פון קיין דיפּלאָמען, ווייל ער איז צו באַשיידן.
דער דאַניעל האָט פאַרענדיקט די י.ל. פּרץ־שול און
געקריגן אַ פּרעמיע פאַר אַ דערציילונג „אָקסער נאַר"
און געשריבן צוויי לידער אין די „ליטעראַרישע
בלעטער" פון רעדאַקטאָר קנאַפּהייס.

איצט זענען מיר אַלע, די גאַנצע פאַמיליע, צו־
זאַמען. זיך איינגעאָרדנט אין בת־ים. די ערשטע דריי
מאָנאַט געווען אין קיבוץ. מיר איז געפעלן דאָס
קיבוצישע לעבן, נאָר מיר איז שוין געווען צו שווער
צו לערנען די שפּראַך. דאָס איז געווען אַ שטערונג
אויף צו בלייבן אין קיבוץ. מיר האָבן זיך צייטווייליק
איינגעאָרדנט אין לוד אין „מעון אַקאַדמאַים". איך
האָב אָנגעהויבן זוכן פּרנסה און געפונען: איך האָב
געאַרבעט אין מיין פאַך, אין דער פירמע א.ב.ג. און
גלייכצייטיק געלאָפן אין סוכנות. נאָך שווערע ליידן

און לויפּענישן, — דאָס האָט אַזוי געדויערט דריי חדשים, — האָב איך געקריגן אַ משכנתא אויף צו קויפן די וווינונג אין בת־ים. ווי אַזוי מיר איז דאָס אָנגעקומען, קאָנט איר זיך פאָרשטעלן. מען לייענט דאָך אָפט אין די „לעצטע נייעס" בריוו פון לייענער וועגן די ענינים.

איך האָב געקויפט דאָ אין בת־ים אַ געשעפט — אויך מיט אַ שותף. מיר האָבן זיך געקענט מיט אים נאָך פון בוענאָס איירעס. ער האָט מיך מער געקענט ווי איך אים. עס האָט נישט געדויערט לאַנג — מיר האָבן נאָך געהאַלטן ביים איינאָרדענען זיך — און ער איז געשטאָרבן פון אַ האַרץ־אַטאַק. כבוד זיין אָנדענק. ער איז געווען זייער אַ ווילער מענטש. ער האָט דאָ איבערגעלאָזט אַן אינוועסטיציע: צוויי זין. זיי זענען אין כפר גליקסון. איך האָב זיי אויסגעצאָלט דאָס געלט, וואָס דער פאָטער האָט געהאַט אינוועס־טירט אין געשעפט. בין איך ווידער געבליבן אַליין, ווי זאָגט מען: — אַליין, איז די נשמה ריין...

וואָס איז געוואָרן מיטן געשעפט? איז געווען אַזוי: איך האָב געאַרבעט און געמסחרט, און איך האָב געזען, אַז איך עס אויף די „לאָקשן", די דאָלאַרן, וואָס איך האָב געברענגט פון אַרגענטינע, — און די מס הכנסה האָט מיר געוואָלט העלפן עסן די „לאָקשן" — זיי דאַרפן נעבעך... איך האָב זיך געהאַלטן מיט זיי אין איין אַרומשלאָגן, זיי האָבן מיך געוואָלט ליקווידירן. אוי שלעכט! — טראַכט איך, — דאַרפן זיי מיך ליקווידירן, האָב איך אַליין

ליקווידירט דאָס געשעפט, בכדי עס זאָל מיר נאָך בלייבן אַביסל „לאָקשן״.

און די קינדער האָבן אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַרויסגיין פון קיבוץ. מסתמא האָט זיי עפּעס גע־שטופּט דערצו. מיר האָבן געטראַכט אַזוי — „לאָקשן״ זענען דאָך דאָ — וועט מען עסן צוזאַמען. דער ער־שטער איז אַרויס ראַפּי, דער יינגסטער. מיר האָבן נאָך געוווינט אין לוד. ער איז אַריין אין תיכון און פלייסיק אָנגעהויבן לערנען ביז ער האָט געענדיקט דעם אוניווערסיטעט (פאַקולטעט פאַר געשיכטע און טעאַטער). דערווייל אַרבעט ער אין טעאַטער. ביי וואָס ער וועט בלייבן, — בין איך נישט קיין נביא.

דערנאָך איז אַרויס פון קיבוץ דער עלטסטער, ראובן. ער האָט באַלד אָנגעהויבן אַרבעטן ביי טע־לעפאָנען. ער האָט אויך אָנגעהויבן שטודירן טע־אַטער, ביינאַכט. ד. ה. ער האָט געאַרבעט און שטו־דירט טעאַטער ביי ניסן נתיב. ער האָט געענדיקט דעם סטודיום און געבליבן ביי טעאַטער. ער האָט איצט חתונה געהאַט, ווי מען זאָגט ביי אונדז יידן — אין אַ גוטער שעה, — מיט זיין באַשערטער, מלכהלע. געגעבן חופה וקדושין האָט זיי הרב ידידיה פרענקעל. ער איז אַ שטיקל בן־עיר. ער איז געווען רב אין מיין שטעטל ריפּין און געקענט מיין זיידן. איר זעט דעם יחוס, פאַר וואָס הרב פרענקעל האָט באַ־וויליקט? איך האָב געהאַט דערפון דעם גרעסטן גייסטיקן פאַרגעניגן.

איך בין אַ גרויסער אָנהענגער פון אונדזער פרעמ־יער פרוי גאָלדע מאיר. פאַר וואָס? ווייל זי האָט

געזאָגט, אַז זי גייט נישט מער אויף לוקס־חתונות. אַמאָל האָב איך געטראַכט אַנדערש. איך האָב זיך אַזוי געפירט אין בוענאָס־איירעס: געמאַכט גרויסע בר־מצוה־פייערונגען פאַר מיינע זין — עס איז געווען מיטן גאַנצן קנאַק — געלט האָט נישט געפעלט. די ערשטע בר־מצוה האָבן מיר געמאַכט אין טעאַטער „איפט", די אַנדערע צוויי בר־מצוות האָב איך שוין געמאַכט אין דאָרטיקן ייִדישן ליטעראַטן־פאַראיין.

אין 1967 בין איך קראַנק געוואָרן, געקריגן אַ האַרץ־אַטאַק. אין אַ יאָר שפּעטער בין איך קראַנק געוואָרן אויפן „שווינדלער". מען האָט מיך אָפּערירט און צוביסלעך האָב איך אָנגעהויבן ווייניקער אַרבעטן. איך בין אין דער פרייער צייט געזעסן אין די שדרות, ווייל כ'האָב געהאַט צייט, — כ'האָב נישט געהאַט גענוג אַרבעט. און אַזוי איז פאַרביי די צייט.

יעצט האָב איך מיר געפינען אַ באַשעפטיקונג, — כ'האָב זיך גענומען צום שרייבן. צו דערמאָנען פריינד. וואָס זאָגט איר צו דעם?... איך לויף, איך יאָג, אבי צו באַווייזן... וואָס באַווייזן?... איצט זיץ איך שוין מערער, ווייל ביים שרייבן דאַרף מען זיצן. זיץ איך טאַקע, וואָרים דער „שווינדלער" לאָזט נישט אַזוי לייכט אָפּ. נו, גיי איך פּאַוואָליע.

ווייסט איר פאַר וואָס איך טראַכט צו געבן מיין בוך אַ טיטל „דער גוטער קאַנצער"? ווייל ה. לייוויק ז"ל, וועלכער איז געלעגן צו בעט קנאַפּע פינף יאָר, אַ געלעמטער, האָט נאָר געהערט און טרערן האָבן זיך אים געגאָסן. שרייבער און קינסטלער פלעגן אים

אַרומרינגלען די גאַנצע צייט פון זיין קרענק; איך האָב געהערט, אַז מעלניק און ראָזענבלום פלעגן אים פאָרלייענען פּאָעזיע און אַנדערע שאַפונגען; (זיי זענען אַמאָל געווען אין בוענאָס איירעס, ווו זיי האָבן אויפגעפירט „ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" פון י. ל. פּרץ).

כ'האָב געוווסט אַז סוף כל סוף וועל איך זיך אַרויסרייסן מיט מיין סוד. אָבער נאָך נישט אין גאַנצן. וואָס פלעג איך טאָן די אַלע יאָרן אין בת־ים? אַז איך האָב זיך שוין אַרויסגעכאַפּט, מוז איך שוין אויסזאָגן. איך פלעג אויפטרעטן פון צייט צו צייט מיט קליינקונסט־נומערן אין מפ"ם, פאַר די געוועזענע לערער און שילער פון די ציש"אָ־שולן אין פוילן, ביי די רוסישע עולים, געווען אין באר־שבע מיט אברהם ליס, דעם קריטיקער, — ער האָט גע־האַלטן אַ רעפעראַט און איך האָב רעציטירט. כ'בין אויך אויפגעטראָטן אין גבעת אולגה צוזאַמען מיט דער פרוי ריקעל, וועלכע כ'האָב געקענט נאָך פון בוענאָס־איירעס, — אויף אַן אָוונט געווידמעט די אומגעבראַכטע יידישע שרייבער אין ראַטנפאַרבאַנד; איך בין אויך אויפגעטראָטן אין זיגלבוים־זאַל פון אַרבעטער־רינג, אויף רח. קלישר 48 אין תל־אביב, מיין צווייטע היים, צוזאַמען מיט פילאַווסקין ז"ל. פילאַווסקין האָב איך גוט געקענט, נאָך פון טשילע. דאָ אין ישראל זענען מיר געוואָרן גאָר באַפריינדעט. מיר זענען אָפט צוזאַמען געפאָרן אַהיים פון ליטע־ראַטן־פאַראיין. אויך מיט יצחק גרודבערג־טורקאָוו ע"ה, ווייל עס איז געווען דער זעלבער וועג.

אַמאָל זאָגט צו מיר פּילאַווסקי: — גאָלדוואַסער, איר ווייסט, יצחק ליידט אויף אַ ראַק...

איך פלעגט אָפט באַזוכן פּילאַווסקין, ער פלעגט צו אונדז קומען זעלטענער. ער איז נאָר געקומען, ווען כ׳האָב איינגעאָרדנט אַ ליטעראַרישע מסיבה.

אַלץ איז געווען אין יענער צייט, ביז דער „שווינד־לער" האָט מיך געכאַפּט. איך זאָג אַלע מאָל צו אים „פּאַשאָל!" — ער פאַרשווינדט טאַקע, אָבער ער קומט צוריק. איך וויל פאַרענדיקן דאָס קאַפּיטל מיט אַן עפּיזאָד, וואָס האָט פּאַסירט אין בת־ים, אין שלום אש־הויז.

איך האָב דערהאַלטן אַן איינלאַדונג אויף דעם 7.11.71 „לערב ספרותי (ביידיש)". אין פּראָגראַם האָבן פיגורירט אליעזר פּאָדריאַטשיק און דינה רויטקאָפּ. דער פּאָרזיצער איז געווען דוד בן־ארי, פּאָרזיצער פון קוראַטאָריום פון שלום אַש־הויז. עס זענען אויך געווען אָנוועזנדיק יצחק פּאַנער, יאָנאַס טורקאָוו, זיגער. ווען דער זאַל איז שוין געווען פול, האָט אַריינמאַרשירט באַלעבאַטיש, ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ גביר, דער ה׳ דוד בן־ארי. אַליין אַ שערפּצער, (נישט ווייס פון ריפּין זענען מיר דאָך לאַנדסלייט, דאָס איז כמעט ווי קרובים) געווען ראש העיר אין בת־ים. דאָס שלום אַש־הויז האָט ער אין זיין קאַדענץ אויפגעבויט טאַקע קעגנאיבער זיין הויז. דער ה׳ בן־ארי זעצט זיך אַוועק, כאַפּט איבער דעם אָטעם, אַ מידער פון ווייטן וועג, ער האָט זיך אויפגעשטעלט, — איך נאָך אים. איך גיב אַ געשריי:

— איך בעט אַ וואָרט צו אַ באַמערקונג! האָט יידיש נישט פאַרדינט אַ בכבודיקערע נדבה ווי איין וואָרט אין דער איינלאַדונג, אָנגעשריבן אין יידיש — „ביידיש״? אפשר האָט געדאַרפט זיין פאַרקערט? — און איך פאָכע מיט דער איינלאַדונג אין דער האַנט.

— איך קען נישט קיין עברית. עס איז דאָך אַ יידישער אָוונט.

גיט אַ געשריי שוראַ גרינהויז־טורקאָוו:

— גאָלדוואַסער, איך וועל אייך שפּעטער אויפ־קלערן!... איך ענטפער איר באַלד:

— דער פאָרזיצער איז נישט קיין יינגעלע, ער אַליין וועט ענטפערן.

דער ה׳ בן־ארי האָט אויך צוגעזאָגט, אַז נאָכן פּראָגראַם וועט ער ענטפערן אויף מיין אינטערפּע־לאַציע. גוט, — טראַכט איך מיר און איך זעץ זיך אַוועק. — וואָס קאָן ער ענטפערן — קלער איך.

דער פאָרזיצער גיט דאָס וואָרט פאָדריאַטשיקן. זייער אַ גוטער לעקטאָר — ער פלעכט נאָר אַריין צופיל עברית און פאַרטייטשט נישט. איך האָב אים דערויף אויפמערקזאַם געמאַכט און ער האָט אָנגע־נומען די באַמערקונג.

דער פאָרזיצער דאַנקט אים — ער האָט עס זיך כשר פאַרדינט, — און פלעכט אויך אַריין אַ באַמער־קונג, אַז ער וואָלט פאַרשטאַנען מיין טענה, ווען מען וואָלט גענומען אַ גרעסערן זאַל. אין דער אמתן, איז אויך דער קליינער זאַל פון שלום אש־הויז אויך נישט געווען איבערפולט. דערנאָך גיט ער באַלד איבער דאָס וואָרט דינה רויטקאָפּ. זי האָט פיין רעציטירט

אַ פּאָר נומערן. דער פּאָרזיצער האָט איר באַדאַנקט און געשלאָסן דעם אָוונט.

אָבער נישט ביי מאָטיען, — ווי עס זאָגט דזשיגאַן אין זיין מאָנאָלאָג „דער פוטבאָל־מעטש“! (איך דערמאַן דאָ דזשיגאַנען, — כ'האָב מורא, אַז ער קאָן נאָך פאַרלאַנגען טאַנטיעמע). און דאָ שריי איך שוין, ווייל דער עולם האָט זיך שוין אויפגעהויבן פון די בענקלעך.

— חשובער פּאָרזיצער! איר האָט געמעגט האָבן קוראַזש און ענטפערן כאָטש איין וואָרט, און דווקא אין עברית: — חטאתי!...

עס זענען צוגעקומען צו מיר יאָנאַס טורקאָוו, זיגער און אַנדערע, אַז איך זאָל זיך באַרויקן, נישט אויפרעגן. אויך שוראַ האָט מיך באַרויקט.

— איר זענט דאָך אַ יידישע אַקטריסע, — האָב איך זי געפרעגט, — דאַרפט איר זיך נישט אָננעמען פאַרן כבוד פון יידיש?

שוראַ האָט מיר געענטפערט שטאַמלענדיק האַלבע ווערטער.

* * *

# מיינע טעאַטער-עפּיזאָדן

אַלט זייענדיק נאָך נישט קיין פולע פיר יאָר, האָב איך אָנגעהויבן צו גיין אין חדר. אין חדר זענען געקומען יינגלעך סיי אָרעמע, סיי רייכע, פאַרשטייט זיך, אַז מער אָרעמע, ווי רייכע. מען איז געווען פאַר־נומען אַ גאַנצן טאָג אין חדר: געלערנט, געשטיפּט... און אַז מען איז אַ גאַנצן טאָג אין חדר, מוז מען דאָך מיטנעמען עפּעס וואָס צום עסן. ווי דער שטייגער איז, האָבן די רייכערע קינדער געבראַכט פרישינקע זעמעלעך מיט פוטער און אַנדערע גוטע זאַכן. די אָרעמע זענען געווען גליקלעך, אַז זיי האָבן געהאַט אַ שטיקל טרוקן ברויט. כאָטש קינדער, האָט זיך אונטערן באַוווסטזיין אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען דאָס געפיל פון קנאה. און קנאה, ווייסט איר דאָך צו וואָס זי דערפירט. מען הויבט זיך אָן קריגן, שלאָגן, אַזוי ווי קינדער. און אַזוי ווי איך בין געווען פון די גרעסערע קבצנים, — איז ווי זאָגט מען: גרעסער קבצן, גרעסערער הוליאַק! מער שטיפער, האָט מען מיך געקרוינט פאַרן פירער פון די קבצנים. מען האָט אָנגעהויבן צו פירן צווישן זיך מלחמות און שטיפע־רייען. אַז עס איז געקומען פורים, האָבן מיר זיך פאַרשטעלט. מיר האָבן צוגעגרייט פאַרשידענע קונצן, איך געדענק נאָך ווי היינט דעם שלוס פון לידל „פריילעך מאַכן".

היינט איז פורים, מאָרגן איז אויס
גיט מיר אַ גראָשן און וואַרפט אונדז אַרויס.

די שטיפערייען זענען אַזוי געגאַנגען ביז עס האָט



אסתר ראַפּעל און זלמן הירשפּעלד

אויסגעבראָכן די וועלט־מלחמה (די ערשטע) פון 1914. איין מאָל באַווייזט זיך אַ פּלאַקאַט, דער איינציקער אין שטעטל, אַז עס קומט די גרויסע אַקטריסע אסתר רחל קאַמינסקאַ מיט אַן אַנסאַמבל. זי וועט אויפפירן די פּיעסע „בר כוכבא" פון גאָלד־פאַדענען. איך האָב באַלד אָנגעהויבן צו מאַכן פּלענער,

ווי אַזוי זיך אַריינצובאַקומען אין טעאַטער „אויף גאַפּע", און זען דעם בר־כוכבא.

דאָס טעאַטער איז באַשטאַנען פון אַ גרויסן שייער, באַדעקט מיט אַ דאַך. דאָרט זענען געשטאַנען די כלים פון די פייער־לעשער. ווען מען האָט באַדאַרפט שפּילן, האָט מען אַרויסגענומען די כלים אין דרויסן.

באַלד נאָך מיטאָג בין איך אַוועק פון שטוב, זיך אַריינגעכאַפּט אין „טעאַטער", פאַרשטעקט זיך אַזוי, אַז מען זאָל מיך חלילה נישט באַמערקן. אויף דער נאַכט, ווען מען האָט אָנגעהויבן אָנצינדן די לעמפּ, און עס איז געוואָרן ליכטיק, איז מיר געוואָרן פינצטער. איך האָב אָנגעהויבן ציטערן פאַר מורא, מ׳זאָל מיך נישט פּוצן און אַרויסוואַרפן. מיין שרעק איז אַדורך, מען האָט מיך נישט דערשנאַפּט.

דער עולם איז זיך צונויפגעקומען און מען האָט אָנגעהויבן די פאָרשטעלונג. איך בין געשטאַנען מיט די גלאָצערס און אַן אָפן מויל. איך האָב זיך גוט צוגעהערט, פאַרגעסנדיק, ווו איך בין.

אין דער זעלבער צייט איז די מוטער מיינע אַרום־געלאָפן אַ צעטומלטע מיך זוכן ביי די חברים מיינע. פאַרשטענדלעך, זי האָט מיך נישט געפונען. שטעלט זיך פאָר איר אומרו. אַז די פאַרשטעלונג האָט זיך געענדיקט, בין איך אַהיימגעלאָפן הענדום־פּענדום, אַ באַרוישטער נאָך פון דער פאָרשטעלונג. איך עפן די טיר און מיין מוטער באַגעגנט מיך אַ צעפלאַמטע, אַ דערשראָקענע, און גיט אַ געשריי:

— ס׳קאָצל קומט! זע נאָר, ר׳איז דאָ! ווו ביסטו געווען?

אַ צעחושטער נאָך פון דער פאַרשטעלונג ענטפער איך: פע־בע, בוידעם־לאָקש... איך האָב אַריינגע־כאַפּט יענע פּאַרציע קלעפּ און אַלס שטראָף האָט מען מיר נישט געגעבן עסן. איך האָב זיך געמוזט אַליין נעמען. אָבער דאָס איז נישט געווען שוין וויכטיק. איך בין געווען זאַט נאָך פון דעם „בר כוכבא״ וועלכער איז מיר אַריין אין די ביינער, מיטן גאַנצן לייב און לעבן.

פלוצים זאָגט צו מיר די מוטער, אַז זי דאַרף אַוועקפאָרן אויף אַ צוויי טעג אויף אַ געוויסן פלאַץ אַרבעטן.

— אוי, גוט — טראַכט איך מיר — איך וועל האָבן אַ געלעגנהייט צו באַווייזן מיינע חברים וואָס איך האָב געזען און געהערט. — כ׳האָב אַרויסגעצויגן דאָס ליילעך פון בעט, געמאַכט דערפון אַ פאַרהאַנג, איבערגעדרייט די שטוב. צונויפגערופן די חברה און באַוויזן זיי מיט תנועות און העויות און גערעדט וואָס עס האָט זיך מיר געבאָמבלט אין קאָפּ, אַלץ פון דעם בר־כוכבא.

אַז די מוטער איז צוריקגעקומען און געטראָפן אַן איבערקערעניש אין שטוב, האָט זי געמאַכט קולות:

— דו אויסוווּרף, וואָס האָסטו געמאַכט פון דער שטוב! — און מיך גוט צעבויקעט. אָבער די סאַטיס־פאַקציע מיינע האָט אַלץ געדעקט.

און אַזוי איז געלאָפן די צייט: מיט שמד־שטיק, חוזק, שפעטן. לערנען נישט געוואָלט. אָבער מיט דער צייט האָט מען דערפירט, אַז איך זאָל ווערן „סטאַ־טעטשנע" ד. ה. אַ שטיקל מענטש. דאָס איז שוין געווען אין ריפין. איך האָב דאָרט געלערנט שניידעריי. דאָרט פלעגן זיך צונויפקומען חברה און גערעדט פאַרשידנס. איין מאָל הער איך, ווי זיי זאָגן, אַז זיי ווען מאַכן אַ „ליאַמע" (מסיבה). זיי באַשליסן דאָס צו מאַכן מיט אַ פּראָגראַם. דאָ האָב איך זיך אָנגע־נומען מיט מוט און איך זאָג:

— איך וואָלט געוואָלט אויסלערנען אַ דעקלאַ־מאַציע.

זיי האָבן מיך אָנגעקוקט מיט שטוינונג:

— וואָס? — האָט מען מיך געפרעגט.

— גיט מיר עפּעס צום אויסלערנען זיך.

זיי האָבן באַוויליקט מיין בקשה און געגעבן מיר אַ בוך פון מאָריס ראָזענפעלד. זיי האָבן מיר אָנ־געוויזן דאָס ליד „צום אַרבעטער". איך האָב גענומען לערנען מיט התמדה. מיר מער חשק, ווי שניידעריי. איך האָב אויסגעלערנט דאָס ליד און אַ צווייטס. אויף דעם געביט בין איך נישט געווען פויל.

און עס איז געקומען דער גליקלעכער טאָג פון דער ליאַמע. מיט אַ מאָל רופט מען אויס:

— און איצט וועט זישע, אברהם־אהרנס איניקל, דעקלאַמירן אַ ליד פון מאָריס ראָזענפעלד, „צו די אַרבעטער".

איך גיי צו אַביסל איבערגעשראָקן, בלאַסלעך, איך הויב אָן צוביסלעך זיך באַרוקן. איך ענדיק —

מען פּאַטשט בראַוואָ. איך וואַרט נישט לאַנג און דערלאַנג דאָס צווייטע ליד, שוין מיט מער ברען. און איך כאַפּ שוין אַ גרעסערן אַפּלאַוז. מען האָט גע־בעטן נאָך אָבער איך האָב זיך נישט געהאַט צוגע־גרייט.

— צו אַ צווייטער ליאַמע, — האָב איך זיי צו־געזאָגט.

צומאָרגנס, אַז איך בין געקומען אין וואַרשטאַט, האָט מיך דער מייסטער וואַרעמער אויפגענומען — ער איז געווען איינער פון די איניציאַטאָרן פון דער ליאַמע. די חברה, וואָס זענען דאָרט אַריינגעקומען, האָבן מיך נאָך אַ מאָל באַגריסט, געקלאַפּט אין פּלייצע: „גרייט צו סחורה אויף אַ צווייטער ליאַמע"... איך האָב זיך שוין געפילט פון דעם אַביסל דערהויבענער.

אין אַ צייט אַרום בין איך געגאַנגען אין דאָרטיקן דראַמקרייז און זיך געוואָלט פאַרשרייבן. ענטפערט מען מיר, אַז זיי האָבן געהערט, אַז כ'האָב שיין דעקלאַמירט, נאָר אויף צו פאַרשרייבן זיך בין איך נאָך צו יינג. אַז זיי וועלן זיך נויטיקן אין מיר, וועלן זיי מיך רופן. איך האָב זיך געפילט געקרענקט פון דעם ענטפער און כ'בין אַוועק.

די אינטואיציע האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז איך מוז פליייסיקער לערנען שניידעריי. ווייל דאָס פּירט צו זעלבשטענדיקייט, כאָטש מיט די פייגעלעך איז קאָפּ וועגן טעאַטער. און אין יאָר 1919 האָבן מיר פאַרלאָזט מיין געבוירן־שטאָט און אַוועק קיין וולאָצ־לאַוועק. איך האָב דאָרט באַקומען אַרבעט ביי שניי־

דעריי. גראָד איז דאָס געווען אַן ערשט־קלאַסיקער שניידער, קאַנאַל האָט ער געהייסן. די וולאָצלאַווקער האָבן אים גוט געקענט. געוויסע גבירים פון די קליינע שטעטלעך פון דער אומגעגנט פלעגן קומען צו אים זיך נייען אַ מלבוש.

אַהיימקומענדיק זאָג איך דער מוטער מיט גליק:

— איך האָב באַקומען אַרבעט.

— זאָל זיין מיט מזל!

צומאָרגנס, איך שטיי אויף. די מוטער גרייט פרישטיק איך עס אָפּ און לאָז זיך גיין — אַביסל שוין שטייפלעך — צו דער אַרבעט. איך הויב אָן אַרבעטן מיט אַ ביסל שרעק: איך זאָל נאָר נושא חן זיין, און שוויץ אַביסל צו פאַר עמאָציע. צוויי אַזייגער איז געווען דער מיטאָג־איבעררייס. פאַרהאַלט מיך דער באַלעבאָס און פרעגט מיך:

— וויפל קום איך אייך?...

איך האָב באַלד פאַרשטאַנען די בראָך, און פרעג:

— פאַר וואָס? אין קאָן נישט אַרבעטן?

— יאָ, — ענטפערט ער מיר — איר קענט, נאָר אַ הויז ווייטער...

איך בין אַביסל אַראָפּ פון מיין שטייפקייט, אָבער זיך נישט פאַרלוירן. ער האָט מיר באַצאָלט און איך בין אַוועק. איך האָב אָנגעהויבן זוכן אַרבעט שוין ביי קלענערע שניידער, לאַטוטניקעס. און געפינען ברוך השם!

אַוועק אַ שטיקל צייט און איך האָב זיך אָנגע־הויבן אינטערעסירן מיטן דראַמקרייז אין וולאָצלאַ־

וועק. אין אַ געוויסן אָוונט בין איך אַוועק צום דראַמ־
קרייז זיך פאַרשרייבן אַלס מיטגליד.

— גוט, — האָט מען מיר געזאָגט, — מען דאַרף
עקזאַמינירן...

— איצט? — פרעג איך.

— ניין, — ענטפערט מען מיר, — עס איז שוין
שפעט. דער דראַמקרייז קומט זיך צונויף צוויי מאָל
אין וואָך.

— אין וואָס באַשטייט דער עקזאַמין? — פרעג
איך.

— אַ רעציטאַציע, אַ מאָנאָלאָג אָדער אַ דעקלאַ־
מאַציע, — האָט מען מיר געזאָגט.

אוי, גוט, טראַכט איך, געזעגן זיך, זאָג אַ גוטע
נאַכט און לויף אַהיים. איך לויף, שוין נישט אויס
מורא פאַר דער מאַמען, וואָס איך קום שפעט אַהיים,
איך דערצייל אַלץ דער מאַמען, אַז איך האָב זיך
פאַרשריבן אין דראַמאַטישן קרייז. איך האָב באַ־
מערקט, אַז זי איז צופרידן און זי האָט מיר געזאָגט:

— זאָל דיר זיין מיט מזל.

איך האָב גענומען איבערחזרן די צוויי דעקלאַ־
מאַציעס וואָס איך האָב געקענט פון פריער. גע־
שליפן די באַוועגונגען, אַז עס זאָל אַרויס אַזוינס און
אַזעלכעס, ווייל דער וואָלצלאַווקער דראַמקרייז האָט
געהאַט אַ נאָמען.

צום באַשטימטן אָוונט בין איך אַוועק צום קרייז
און איך האָב דערלאַנגט די סחורה. זיי האָבן מיר
געפּאַטשט בראַוואָ און גלייך אויפן אָרט האָט מען
מיר געזאָגט:

— איר זענט אָנגענומען. איך בין שוין געבליבן. איך וועל פּרובירן אויסרעכענען נעמען פון די מיט־גלידער: משה קאהן, — ער איז געווען אַקטיאר און רעזשיסאָר, (ער פלעגט מיטשפּילן אין געוויסע פּיעסן) לעמל ליכטנשטיין — גרושקאַ, און אַנדערע. ס׳קאָן זיין, אַז עמיצער פון זיי געפינט זיך דאָ אין ישראל.

איך האָב זיך צוגעהערט וועגן וואָס מען רעדט. מען האָט גערעדט וועגן אַ פּיעסע, וועגן וועלכער איך האָב נאָך קיין אַנונג נישט געהאַט. מען האָט באַשלאָסן אויפצופירן די פּיעסע פון שלום אַש „יחוס״. דעם נאָענטסטן צוזאַמענטרעף האָט מען באַשטימט אין אַ פּאָר טעג אַרום. מען האָט דאָך באַדאַרפט אויסשרייבן די ראָלן. די אַרבעט האָט געטאָן דער רעזשיסאָר אַליין. פון פאַך איז ער געווען אַ קאָאַ־מאַשן־שטעפּער. אויף דעם באַשטימטן אָוונט האָט מען געלייענט די פּיעסע און פאַרטיילט די ראָלן. איך און לעמל ליכטענשטיין האָבן געדאַרפט שפּילן צוויי קוזינען (מען האָט מיר דערציילט, אַז ל. ליכטענשטיין איז געווען וויצע־בירגערמייסטער אין תל־אביב. ער איז געשטאָרבן אַ יאָר פאַר מיין אָנקומען אין לאַנד אַריין).

איך האָב געשפּילט דעם קאָמישן קוזין. איר ווילט דאָך אוודאי וויסן, צי איך האָב געהאַט דער־פאָלג אין דער ראָל? נו, דאָס וויל איך אייך נישט אויסזאָגן.

מען האָט געשפּילט אַ סך פּיעסעס, ווי פאַר אַ דראַמקרייז. איך וועל אויסרעכענען די וועלכע כ׳געדענק: „אונדזער גלויבן״, „אַ שנירל פערל״, „משיח׳ס

ציי טון", „מאָטקע גנב" — פון שלום אַש, „דאָס גרויסע געווינס" פון שלום עליכם, (איך האָב געשפּילט די ראָל פון קאָפּל — די פּיעסע האָבן מיר געשפּילט אויך אין פּלאָצק). נאָך די פאָרשטעלונגען פלעגן אַרויפקומען אונדז באַגריסן אַ סך מענטשן. איינער איז צוגעקומען צו מיר, געקלאַפּט אין פּלייצע — פון אַזויפיל קלאַפּן איז נאָר אַ וווּנדער, וואָס די פּלייצע איז געבליבן גאַנץ, — און זאָגט צו מיר:

— אַ כאָליערע!... האָט איר געשפּילט דעם קאָפּל, אַזוי ווי אַן אמתער שניידער־יונג!

שימעלע סאָראָקער האָט געשפּילט אַ פּראָפעסיאָנעלער אַקטיאָר, אַדאַם דאָמב. אויך זיין פרוי האָט מיטגעשפּילט. דאָמב איז אויך געווען רעזשיסער פון דער פּיעסע. איך האָב — ביי מיין גאַנצער באַשיידנקייט מוז איך דאָס זאָגן, — צוגעגנבעט די פאָרשטעלונג...

מיטן דראַמקרייז האָבן געאַרבעט אַלס רעזשיסאָרן אָדער מיטגעשפּילט: סאַמבערג, יצחק גרודבערג־טורקאָוו, וויינשטיין, און אַנדערע. ליידער זענען זיי אַלע שוין נישטאָ... י. גרודבערג־טורקאָוו האָב איך נאָך באַוויזן צו זען אין ישראל, — אים אַפילו געבראַכט אַ מתנה... אַ פען־פּאַרקער פון זיין חבר פסח פּאָדראַבינעק. אין אַרגענטינע איז פסח געווען מיינס אַ חבר. ער איז געווען בינע־לייטער.

יצחק האָט מיר דערציילט אַן עפּיזאָד: ער פלעגט דאָך יעדן טאָג אַדורכגיין נעבן מיין געשעפט אין בת־ים. ער איז דאָ געווען לייטער פון בית שלום אַש. ווען די יידישע טרופּע פון וואַרשע איז געפאָרן

קיין לאָנדאָן (אין די נאָכמלחמה־יאָרן) — האָבן זייביידע, פאָדראַבינעק און טורקאָוו געמאַכט פּלענער ווי אַזוי צו אַנטלויפן פון „גן־עדן". זיי האָבן מורא געהאַט איינער פאַרן צווייטן, אַז ער זאָל נישט פאַר־ראַטן. זיי האָבן געמאַכט אַ ויברח: טורקאָוו קיין ישראל און פּסח פאָדראַבינעק קיין אַרגענטינע, פון וואַנען ער איז זיינער צייט געפאָרן קיין פּוילן; איך בין געווען אויף דער געזעגענונג און נאָך בייגע־שטייערט אַ מתנה, אַ מאָנאָלאָג ווייל אַ חבר פאָרט דאָך אַוועק... העלפן בויען דאָס סאָציאַליסטישע פאָטערלאַנד. ווען ער איז צוריקגעקומען קיין אַרגענ־טינע, איז ער געווען גליקלעך. און פלאַנירט צו ברענ־גען זיין פרוי און קינד צו זיך. עס איז אים געלונגען צו פאַראייניקן זיך מיט דער משפּחה. מיר האָבן דערנאָך אַ סך פאַרברענגט צוזאַמען, — ער פלעגט דערציילן וועגן זיינע איבערלעבונגען אונטער דער הערשאַפט פון די קאָמוניסטן.

דאָ, אין ישראל, האָב איך זיך באַפריינדעט מיט גרודבערג־טורקאָוון. איך האָב אַ סך גענאָסן פון זיין גייסטיקער שאַפונג אין וואָרט און אין שריפט. שוין באַלד אַ יאָר ווי ער איז נפטר געוואָרן און אַוועק־געגעבן זיין קערפּער די געלערנטע פאַר וויסנשאַפט־צוועקן. פאַר דיר, יצחק, זאָג איך דריי מאָל כבוד דיין אָנדענק! האָסט עס זיך ערלעך פאַרדינט. זיין פרוי, שוראַ גרינהויז, פאַרטרעט אים אין דער אַרבעט אַלס לייטערין פון בית שלום אַש אין בת־ים.

בעת מיין מיליטער־דינסט אין די יאָרן 24—1925, האָב איך געאַרבעט אַלס שניידער אין די מיליטער־

וואַרשטאַטן. איך האָב זיך געהאַט אויסגעלערנט אַ מאַנאָלאָג (אויף פויליש); דער אינהאַלט איז געווען גאַנץ „פעט" אָבער ער איז געפעלן די דאָרטיקע אָפיצירן, וועלכע האָבן פשוט געלעקט די פינגער. ביי יעדער געלעגנהייט פלעגן זיי מיך רופן: — „אנו, זשידקו, דערלאַנג נאָך אַ מאָל דעם מאַנאָלאָג!"... באַפעל איז באַפעל. כ'האָב דערפאַר אויך אָפּגעלעקט נישט קיין מאָגערביינדל...

איין מאָל באַקום איך אַ בריוו פון דראַמקרייז אַז זיי ווילן קומען געבן אין בידגאָשטש די פאָר־שטעלונג „דאָס גרויסע געווינס", און איך זאָל מיט־שפּילן, ווייל איך בין דאָך אַ „געשפּילטער". איך האָב גלייך געענטפערט: „קומט!" איך האָב גע־ווּסט, אַז מען וועט מיר דערמעגלעכן צו שפּילן, ווייל כ'האָב געהאַט מזל ביי די אָפיצירן.

אָפּגעקומען דאָס מיליטער־דינסט און צוריק אַהיימגעפאָרן קיין וולאָצלאַוועק. אָבער אויך דאָרט איז מיר שוין געווען ענג. איך האָב אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן איבערפאָרן קיין וואַרשע. עס האָט נישט לאַנג געדרויערט און איך האָב זיך געלאָזט אין וועג אַריין. עס איז מיר נישט געווען גרינג צו פאַר־לאָזן די היים, די מוטער, אָבער דער דראַנג אַרויס־צורייסן זיך אין דער ברייטער וועלט איז געווען שטאַרקער. אין יאָר 1925 בין איך אַוועק קיין וואַרשע. די גרויסע שטאָט האָט מיך אַביסל באַ־רוישט — אַזויפיל מענטשן, גרויסע הייזער, לאַנגע גאַסן, רייכע געשעפטן... צוביסלעך האָב איך זיך

צוגעווינט דערצו. פון דעסט וועגן האָב איך געהאַלטן איינגענייט אין דער אונטערוועש געלט אויף אַ בילעט צוריקצופאָרן, — ווי אַ זאַך מאַכט זיך, טאָמער קאָן איך נישט באַקומען קיין אַרבעט. אָבער אַ פאַך איז אַ פאַך. כ׳האָב זיך איינגעאָרדנט און די הויפטזאַך, אַ דאַך איבערן קאָפּ, וועלכן איך האָב געפונען ביי מיין משפחה. מיט עסן איז אַזוי: דער בויך איז נישט קיין גלאָז, מען זעט נישט, וואָס מען האָט אַריינגעלייגט... איינצואָרדענען זיך אין וואַרשע, איז אין יענער צייט נישט געווען שווער — יעדער האָט געקאָנט דאָרט געפינען, וואָס ר׳האָט געזוכט.

איך האָב געזוכט טעאַטער, קיין דראַמקרייזן האָבן אין וואַרשע נישט געפעלט. איך האָב זיך פאַרשריבן אין דראַמקרייז פון יוגנט־בונד „צוקונפט". דער פאָדעם האָט זיך נאָך געצויגן פון מיין שטעטל ריפּין, וווּ אין קרייז פון בונדיסטן האָב איך זיך געקאָנט אויסלעבן גייסטיק, פאָליטיש און אַפילו טעאַטראַליש. דאָס לעצטע האָט ביי מיר פאַרנומען דעם אויבן־אָן.

אין דעם דראַמקרייז האָט מען אויך געמוזט אויסהאַלטן אַן עקזאַמין. דערפאַרונג האָב איך גע־האַט פון וולאָצלאַוועק. איך האָב שוין דערלאַנגט „סחורה". מען האָט מיך באַלד אָנגענומען און איך האָב פאַרנומען אַ בכבודיק אָרט אין קרייז. מיר האָבן אויפגעפירט פאַרשידענע פיעסן פון גרויסע שרייבער: ה. לייוויק, ש. אנסקי, ערנסט טאָלער. איך בין נישט געווען באַפרייט פון קיין איין פיעסע. עס דערמאָנט



פייוול זיגעלבוים

זיך מיר אַן עפּיזאָד: פאַרגאַנגען אַ סך יאָרן, אָבער אַלץ וואָס נוגע טעאַטער, געדענק איך גוט.

איך האָב געשפּילט צוזאַמען מיט פּייוול זיגלבוים (היינט אין תל־אביב) אין דער פּיעסע „האָפּלאַ! מיר לעבן!" פון ערנסט טאָלער. מיר האָט מען פּאַרטרויט איינע פון די וויכטיקסטע ראָלן. אויף מיין ראָל האָט אויך פּרעטענדירט פּייוול זיגלבוים. און אַזוי ווי פּאָליטיק איז אויך דעמאָלט געווען וויכטיקער, און אַרטור זיגלבוים, דער שפּעטערדיקער קדוש איז געווען זיין ברודער, — האָט ער מנצח געווען. מען האָט מיר די ראָל געביטן. איך האָב זיך נישט געוואָלט אַנטקעגנשטעלן, וואָרים ער האָט געהאַט שטאַרקערע פּליי־צעס און עלנבויגנס.

מיר האָבן נאָך געשפּילט אין עטלעכע פּיעסן אין „עליזעום"־טעאַטער, אין די טעג, ווען דער זאַל איז געווען פריי. אונדזער רעזשיסער איז געווען פּערענסאָן, וועלכער איז דאָ נישט לאַנג געשטאָרבן אין ניו־יאָרק.

מיט אַ מאָל אַ מודעה אין צייטונג פון ד"ר מיכאל וויכערט: — ער עפנט אַ דראַמאַטישע סטודיע און נעמט אָן שילער. דאָ בין איך ווידער געלאָפן און געווען איינער פון די ערשטע. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען אונדז, די פאַרשריבענע, אַרויסגערופן און געמאָלדן, אַז יעדער דאַרף עפּעס אָנשרייבן, וואָס ס'זאָל נאָר נישט זיין, — נישט וויכטיק די טעמע, דער אַלפאַבעט, און אויך עפּעס צוגרייטן בעל־פּה.

איך האָב אָנגעשריבן וועגן דעם טיפּ פון וואַסער־טרעגער ביי י. ל. פּרץ. מיין אַרבעט איז געווען אָנגעשריבן מיט נישט ווייניק גרייזן; איך געדענק, אַז ביים עקזאַמינירטיש זענען געזעסן: ד״ר מיכאל ווייכערט, ד״ר ציפּער, קאַזשדאַן, וויינטרויב (דער מאָלער). די געשריבענע אַרבעטן האָט יעדער איבער־געגעבן אַריינגייענדיק צום עקזאַמין. אַריינגעגאַנגען איז מען איינציקווייז. איך געדענק נאָך, ווי יעדער איז אַרויסגעגאַנגען פון עקזאַמין מיט אַ צעפלאַמט פּנים. מיר זענען צוגעלאָפן, נייגעריקע, געפרעגט: נו?...

דער עקזאַמין איז דאָ געווען נישט אַזוי ווי אין אַ דראַמקרייז; דאָ האָט מען געדאַרפט האָבן אַ פּנים, קלאַנג און שפּראַך, — די איבעריקע זאַכן האָט מען דאָך געקענט אויסלערנען אין דער סטודיע.

ווען איך בין אַריין, האָב איך געציטערט נישט ווייניקער ווי די אַנדערע. איך האָב געהאַט אַ טרעמע, נאָר כ׳האָב געהערט, ווי וויינטרויב זאָגט: — אַ פּרעכטיק פּנים, מען קאָן אַרבעטן ד׳רויף. און דאָקטאָר ווייכערט האָט געזאָגט: — „ער האָט אַ פּרעכטיקע כלי״. דאָס זענען צוויי הויפּט־קעגנשטאַנדן פאַר אַן אַקטיאָר. צום עקזאַמין האָבן זיך געשטעלט אַ סך, פאַרבליבן זענען ווייניקע. עטלעכע האָב איך באַגעגנט דאָ אין ישראל. פּייוול זיגלבוים, בינע גודעס, נתן וואָלפאָוויטש, און אַנדערע.

לעקציעס פון טעאַטער־פּלאַסטיק האָט געפירט לאה ראָטבוים. צווישן די שילער האָט זיך אויס־געצייכנט דאָראַ פאַקעל. מיר, די בחורים, האָבן נישט

געוואָלט שטיין נעבן איר, ווייל זי איז געווען אַ מויד אַ ברען, שיין ווי די וועלט. די עקזאַמין־אַרבעט האָט זי געשריבן מיט לאַטיינישע אותיות, ווייל קיין יידיש האָט זי דעמאָלט נישט געקענט. זי האָט זיך אויס־געלערנט מיט דער צייט. געקענט האָט זי גוט און בכלל געווען זייער אַ באַגאַבטע. אָ־לאַ־לאַ! ווי מען זאָגט אין פראַנצויזיש. וועגן איר שרייבט אויך יאָנאַס טורקאָוו אין זיין בוך „די פאַרלאָשענע שטערן".

איך האָב געלערנט מיט התמדה און חשק, כמעט אָנדערהאַלבן יאָר. מיט אַ מאָל באַקום איך אַ בריוו פון מיין ברודער, אַז איך זאָל קומען קיין אַרגענ־טינע. איך דערצייל וועגן מיין אַוועקפאָרן דעם ד"ר ווייכערט.

— האַלט זיך אָפּ, — האָט מיר געזאָגט ד"ר ווייכערט, — איך וועל זען, אַז מען זאָל אייך צוביס־לעך באַשעפטיקן אין דער „ווילנער טרופּע". ער האָט געוווסט אַז די לאַגע מיינע איז געווען אַ שווערע: איך האָב געמוזט זאָרגן אויך וועגן דער היים.

איך האָב געטראַכט און געטראַכט און דער געפיל פון פליכט לגבי דער היים האָט מנצח געווען. כ'האָב באַשלאָסן צו פאָרן. דאָס איז געווען אָנהייב יאָר 1930.

כ'האָב פאַרלאָזט וואַרשע, געקומען קיין אַרגענ־טינע און באַזעצט זיך אין דער שטאָט קאָרדאָבאַ. כ'האָב אָנגעהויבן אַרבעטן ביי שניידעריי און גלייכ־צייטיק פאַרנומען זיך מיט שאַפן אַ דראַמקרייז ביי

דער אָרטיקער יידישער ביבליאָטעק. געווען רעזשי־
סאָר, געשפּילט ראָלן, מיט איין וואָרט, געדרייט אַ
קאָלבע. צום יאָר איז שוין די מאַמע געווען מיט
אונדז. מיר האָבן טאַקע געאַרבעט צו 18 שעה אַ
מעת־לעת, געשפּאָרט קישקע־געלט; אין יענער צייט
איז נישט געווען לייכט אָנצוזאַמלען אַ סכום, וואָס
עס האָט געדאַרפט קאָסטן די רייזע פון פּוילן קיין
אַרגענטינע. ס'איז אַמאָל געווען אַזוי קאַלאַמוטנע,
אַז כ'האָב שוין געטראַכט צוריקצופאָרן קיין וואַרשע.
אָבער דער געדאַנק, אַז איך האָב אַ פליכט לגבי דער
מאַמען, האָט מיך צוריקגעהאַלטן.

אין 1935 בין איך אַרויסגעפאָרן קיין בוענאָס־



די פאַרוואַלטונג פון דער ביבליאָטעק אין קאָרדאָבאַ.
זישע גאָלדוואַסער — ערשטער ביים טיש — לינקס



דער דראַמקרייז אין קאָרדאָבאַ.
זישע גאָלדוואַסער — צווייטע ריי, צווייטער לינקס

איירעס. דאָרט איז געווען אַ פולסירנדיק יידיש לעבן.
איך בין געקומען קיין בוענאָס־איירעס מיטן גע־

דאַנק, אויך די משפּחה אַראָפּנעמען צו זיך. און אַזוי איז געווען. נאָך עטלעכע חדשים זענען מיר ווידער געווען צוזאַמען. געאַרבעט, געצאָלט חובות און צו ביסלעך זיך גוט איינגעאָרדנט. מ'האָט שוין ווייניקער געהאָרעוועט.

אין דער צייט האָט זיך געגרינדעט אַ דראַמאַ־טישע שול ביים יידישן אַקטיאָרן־פּאַראיין א. נ. פון יצחק דייטש. לעקטאָרן זענען געווען: ראָזשאַנסקי, צוקער, הירשפעלד, וואַסערמאַן און אַנדערע. דאָ איז שוין געווען אַנדערש ווי אין וואַרשע. די שול האָט טאַקע נישט לאַנג עקזיסטירט און באַלד זיך צעפאַלן.

איך האָב דאָך אָבער געדאַרפט האָבן טעאַטער און דער איינציקער איז געווען „אידראַמס" ביי די קאָמוניסטן. איך בין אַריין און נאָך שנעלער אַרויס. זיי זענען שוין אין יענע יאָרן געווען גרויסע מייסטערס אויף צו פאַרהוילן זאַכן. זיי האָבן אין יענער צייט געבליט; זיי איז געלונגען צו שאַפן אַן אומפּאַרטיי־אישן טעאַטער מיט אמתע אומפּאַרטייאישע מענטשן. אַזוי איז געבוירן געוואָרן דער „איפּט" ד. ה. דער יידישער פאָלקס־טעאַטער. אַלע האָבן זיך אַריינגע־וואָרפן אין דער אַרבעט, אָן אונטערשיד פון דער אידעע. עס האָט זיך פאָרמירט אַ קינסטלערישער שוישפּילער־קאָלעקטיוו. מען האָט פאַרנאַכלעסיקט די אַרבעט ד. ה. די פּראָפעסיאָנעלע, און נאָך גע־שטיצט מאַטעריעל, בכדי צו שאַפן אַ יש. אויסגעבויט אַן אייגענעם טעאַטער, אַראָפּגעבראַכט רעזשיסאָרן פון אויסלאַנד: דוד ליכטן, יעקב ראָטבוימען, און




די לעקטאָרן: זלמן הירשפעלד, שניאור וואַסערמאַן, שמואל ראָזשאַנסקי, נחמיה צוקער און לעווין.
מיין געוו. כלה מאַשע — די צווייטע אויבן. זישע גאָלדוואַסער — שטייט דער צווייטער לינקס.

אַנדערע. פון צייט צו צייט פלעגט מען אויך אַרבעטן מיט שפּאַנישע רעזשיסאָרן. געגעבן פאָרשטעלונגען אין אויסלאַנד: טשילע, אורוגוואַי.

אין 1942 יאָר איז מיין מוטער געשטאָרבן און איך האָב אָנגעהויבן זיך אומקוקן וועגן תכלית. וואָס וועט זיין? מען איז אַזוי פאַרטאַראַראַמעוועט ביי טעאַטער... כ׳האָב חתונה געהאַט, עס זענען גע־בוירן געוואָרן דריי בנים. אָבער מיט דעם זעלבן אייפער האָב איך זיך אַלץ פאַרנומען מיט טעאַטער. די קינדער זענען אויסגעהאָדעוועט געוואָרן אין טע־אַטער. אָבער פון דעם טעאַטער האָב איך נישט געצויגן קיין חיונה, — די פּרנסה האָב איך אַלץ נאָך געצויגן פון דער נאָדל. ביזן יאָר 1956 ד. ה. ביזן אַנטדעקן די סטאַלין־מעשים, האָט עס זיך אַזוי געצויגן. דערנאָך האָבן די גרעסטע טייל שוישפּילער פאַרלאָזט דעם „איפט". די געביידע איז געוואָרן פאַריתומט. אַ שאָד. אַזויפיל פראַצע אַוועקגעגעבן. דער בנין איז געבליבן אין גוייִשע הענט, ד. ה. אַז מען שפּילט דאָרט נישט מער קיין יידיש טעאַטער. מען האָט נאָך געמאַכט פאַרשידענע פּרוּוון, אָבער די כוחות זענען שוין געווען אָפּגעשוואַכט, כ׳מיין אין פיזישן און נישט אין קינסטלערישן זין. נאָך גע־פּאָרעט זיך מיט אינדיווידועלע אויפטריטן, קליינ־קונסט, ביזן יאָר 1960.

אין יאָר 1960 האָבן מיר מיט דער פרוי געמאַכט אַ רייזע קיין ישראל. מיר זענען צוריקגעפאָרן באַ־איינדרוקט און באַשלאָסן עולה צו זיין.

מיר האָבן טאַקע עולה געווען אין יאָר 1964, איבערלאָזנדיק אין אַרגענטינע דעם מיטלסטן זון, וועלכער האָט געדאַרפט נאָך אַ יאָר לערנען. און געהאַט געזעלשאַפטלעכע פליכטן אין דער תנועה. נאָך אַ יאָר איז ער אויך געקומען קיין ישראל, צו זיין לאַנד און עלטערן.

איך האָב שוין געהאַט וויינוקער ברען פאַר טעאַטער. כ׳בין געווען דריי חדשים אין אַ קיבוץ, אָבער כ׳האָב זיך נישט געקאָנט דאָרט איינלעבן, ווייל כ׳האָב נישט געקענט די שפּראַך. לערנען זיך — איז מיר געווען שווער און דאָ האָט מיך געצויגן צו טעאַטער... כ׳האָב באַשלאָסן אַרויס פון קיבוץ און באַזעצן זיך אין בת־ים. איך האָב געהאַט אַ לאַנדסמאַן פון בוענאָס־איירעס, מאורער, — מיר זענען צוזאַמען מיט אים געפאָרן אויף איין שיף קיין בוענאָס־איירעס. ער איז געווען פאָרזיצער פון אַקטיאָרן־פאַראיין אין בוענאָס־איירעס און אין תל־אביב. איך האָב געמיינט, אַז איך וועל ביי אים האָבן יענע פּראָטעקציע, אָבער ער האָט מיך אַנטוישט. איך האָב אים געזאָגט, אַז איך וויל שפּילן טעאַטער פּראָפעסיאָנעל, האָט ער מיר געזאָגט:

— דו ביסט דאָך קיין מאָל נישט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלער אַקטיאָר. דו ביסט דאָך אַ שניידער פון פאַך, הלוואי אויף אַלע אַקטיאָרן געזאָגט געוואָרן... פאַראַן דאָ גענוג אַקטיאָרן, וועלכע האָבן נישט קיין באַשעפטיקונג אין טעאַטער. איך בין קעגן...

איך בין געווען שטאַרק אַנטוישט. כ׳בין אַוועק פון אים און באַשלאָסן צו קויפן אַ געשעפט און צוריק נעמען זיך צו נאָדל־פאָדעם, שער און אייזן. פון צייט צו צייט בין איך אויפגעטראָטן מיט פראָג־ראַמען, — מיט געלט, אָן געלט, — דאָס האָט מיר צוגעהאָלפן צו דער קליטה.



באַנקעט צו יעקב באָטאַשאַנסקיס 50 יאָר געז. טעטיק׳ייט

* * *

נאָך אין אַרגענטינע, ווען איך האָב אויפגעהערט צו שפּילן טעאַטער, (אין „איפט"), האָב איך זיך גענומען צו „אימיטאַציע". דער ערשטער, וועמען איך האָב אימיטירט, איז געווען דער באַקאַנטער שרייבער און קריטיקער יעקב באָטאַשאַנסקי. ער האָט געשמט

אַלס גוטער רעדנער. איך האָב אים אַזוי ליב געקריגן, אַז ער איז מיר אַריין אין די ביינער. ער איז באַקאַנט אויך אין ישראל, וואָס ער האָט באַזוכט עטלעכע מאָל. ער איז געקומען איינזאַפּן און „אויסגעלאָדנט" אין בוענאָס־איירעס. געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָט אויפגעהויבן דעם קאַמף פאַר אויסרייניקן דעם שמוץ פון די טמאים. מיט דער מיטהילף פון די אָרטיקע אָרנטלעכע, ריינע מענטשן, איז אים גע־לונגען אויסצורייניקן דעם שמוץ, מען קאָן זאָגן, מיטן וואָרצל. עס זענען נאָך פאַרבליבן שמוציקע מענטשן און געשעפטן, און דאָס ברענגט אויך שאָדן אונדזער מדינה. ער האָט אויך געפירט אַ קאַמף קעגן דעם באַקאַנטן שליח לעווין. דער קאַמף איז געווען אַ גערעכטער. דער לעווין האָט זיך באַמיט און אָנגעוואָנדן אַלע מיטלען, אַרויסצורייסן אַלע וואָרצלען פון יידישן לשון אין יענע ערטער. עס איז אים נישט געלונגען. מיר האָבן אים פאַרטריבן מיט דער הילף פון די, וואָס האָבן ליב יידיש. איך בין אויך געווען איינער פון די מיטקעמפער אין דער אַקציע צו פאַרטרייבן אים.

די טעקסטן צו דער באָטאַשאַנסקי־אימיטאַציע האָט געשריבן אַ געוועזענער קאָמוניסט משה פלאַמ־בוים, אַ שניידער פון פאַך. היינט אַ סטאַבילער מיט־אַרבעטער פון „דער פרעסע". די אימיטאַציע האָב איך געהאַלטן אַלע מאָל פאַר אַ פרעמיערע אין ייווא. ווען מ'פלעגט איינאָרדענען דעם טאָג פון יידישן ניגון אין דער קינטע*) פון פאַבריקאַנט קאַרלאָס.

*) דאַטשע.



זישע גאָלדוואַסער אימיטירט יעקב באָטאַשאַנסקין

דער עולם איז געווען צעוואָרפן אין אַלע עקן פון דער קינטע. איך וויל נישט איבערטרייבן, עס זענען דאָרט געווען דעמאָלט איבער 500 מענטשן ווייל די ייווא־אימפּרעזע איז זייער פּאָפּולער, מיט אַ מאָל דערהערט זיך דער קול פון באָטאַשאַנסקין. אַזוי ווי

באָטאַשאַנסקי איז נישט געווען אין קיין גוטע באַ־ציונגען מיט ראָזשאַנסקין פון ייווא — איז דער עולם נייגעריק געלאָפן זען באָטאַשאַנסקין אויף דער אימפּרעזע, זען דעם ווונדער. ווען זיי זענען צוגע־קומען נענטער, האָבן זיי דערזען, אַז דאָס איז בכלל נישט באָטאַשאַנסקי, נאָר גאָר עמיץ אַנדערש. זיי זענען שוין געבליבן שטיין מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם.

אויף צומאָרגנס בין איך אין קאַפע „פּאוליסטא".
עס קומט אַריין מרים לערער, די פרוי פון באָטאַ־שאַנסקין — היינט איז זי אימפּרעסאַרין פון יידישן טעאַטער, געווען אַמאָל אַן אַקטריסע — זי לאָזט זיך גלייך צו מיר מיט אַ פאַרפלאַמט פּנים. איך האָב זיך דערשראָקן — כ׳האָב געמיינט, אַז זי גייט מיר אַראָפּלאָזן פעטש.

— גאָלדוואַסער, — זאָגט זי, — מען האָט מיר איבערגעגעבן, אַז איר האָט אָפּגעשפּעט פון מיין מאַן.

— איך ?

— יאָ ! איר.

— פאַר וואָס ?

— איר ווייסט שוין פאַר וואָס.

אין דעם מאָמענט קומט אַריין באָטאַשאַנסקי, אַפּנים, ער האָט געוווּסט אַז זיין פרוי איז דאָ, ער מאַכט זיך נישט קוקנדיק און וויל זיך אַוועקזעצן ביי אַ צווייט טישל. איך טו אַ געשריי :

— ר׳ יענקל, קומט אַהער !

ווען ער האָט זיך דערנענטערט, האָב איך גע־זאָגט :

— מרים איז אין כעס, וואָס איך מאַך אייך נאָך. והלוואי וואָלט איך געקאָנט האָבן זיין פעדער; מאַלע וואָס איינער וויל...) שטיל, אויפן אויער, זאָג איך אים דעם טעקסט פון דער פּאַראָדיע. ער האָט געדרייט מיטן קאָפּ און געזאָגט: „מנו, נישט שלעכט"... ער גיט באַלד אַ ביישפּיל, אַז ווען ער איז געווען אין אַמעריקע אין ליטעראַטן־פּאַראיין — די זעלבע מעשה. אַז ס'זענען געווען צוויי ליטעראַטן, האָבן זיי זיך פיינט געהאַט תכלית שנאה. אַז איינער איז אַריינגעקומען, האָט דער צווייטער פאַרלאָזט. דאָרט איז געווען אַזאַ לץ. באַטאַשאַנסקין האָט מען עס געמאַכט ווי אַ סורפּריז: אין צווייטן צימער הערט ער פּלוצים די שטימע פון דעם שונא... מיט אַ מאָל, טראַך! עס עפנט זיך די טיר און עס קומט אַרויס גאָר אַן אַנדערער מענטש! ער איז פשוט גע־פּלעפט געוואָרן.

★ ★ ★

מיר, אַ גרופּע חברים, האָבן געמאַכט אַ געזע־גענונגס־אָוונט פאַרן ד"ר זשיטניצקי צו זיין אָפּפאָרן קיין שטאָקהאָלם אָפּנעמען די פּרעמיע פאַר ליטע־ראַטור. דער אָוונט איז פאָרגעקומען אין רעסטאָראַן „ל'אָפּערעטע". ווו עס האָבן זיך פאַרזאַמלט הונדער־טער מענטשן, אויך נישט־יידן. מען האָט מיך אָנגע־צויגן אַז איך זאָל עפּעס דעקלאַמירן. נישט לאַנג טראַכטנדיק, גיב איך משה־לייב האַלפּערינס „גאַסן־פויקער", פאַרשטייט זיך, נאָר אַ פראַגמענט, בכדי נישט איבערצוכאַפּן די מאָס. דער עולם האָט גע־פּאַטשט בראַוואָ, שטורמיש און פאַרלאַנגט נאָך. מיר

האָבן פאַרלאָזט דעם רעסטאָראַן פרייִלעכע און גע־ווונטשן דעם לאַורעאַט בשלום צוריקקומען פון זיין רייזע. אויך ד״ר זשיטניצקי איז שוין היינט אין דער אייביקייט... ערע זיין אָנדענק!

*

נאָך אַן עפּיזאָד: מיר האָבן אויפגעפירט אַ פאָר־שטעלונג פון זשעראָמסקיס „רוזשאַ״. די פאָרשטעלונג האָט עטלעכע בילדער — איך האָב געשפּילט נאָר אין איין בילד. כ׳געדענק נאָר, אַז דאָרט האָט מיט־געשפּילט זייער אַ שיין מיידל, נאָר טאַלאַנט, ווי זאָגט מען, דאָס איז אַ גאָטס־זאַך... די פּיעסע האָט טאַקע נישט געפידלט. אין בוענאָס־איירעס פירט זיך ההפך ווי דאָ: דאָרט איז די ערשטע פאָרשטעלונג פאַר די קריטיקער. זעענדיק דעם בראָך, האָט מען באַלד צונויפגערופן דעם קאָלעקטיוו און דוד ליכט האָט אָנגעהויבן שניידן טעקסט; ער האָט אויך געוואָלט שניידן מיין טעקסט. זאָג איך: נישט ביי מאָטיען! ווייל מיר איז אָנגעקומען שווער לערנען אַ ראָל און כ׳האָב מורא געהאַט, אַז מען וועט שניידן דעם טעקסט, וועל איך זיך אויף דער בינע פאַרלירן. זאָגט ליכט:

— וואָס פאַר אַ מיוחס זענט איר?

זאָג איך אים:

— איך בין נישט קיין מיוחס, נאָר איך וויל נישט!...

און ער ענטפערט מיר:

— איר האָט אַ ברירה נישט צו שפּילן...

האָב איך זיך אויסגעדרייט און אַוועק.

אין פֿאָיע פֿון טעאַטער האָב איך אָנגעזאָגט, אַז איך גיי צו מערקינען. איך האָב געטראַכט, אַז מען וועט זיך מישב זיין. איך זע, אַז עס איז שוין די צייט פֿון אָנהויבן די פֿאָרשטעלונג, און מען רופֿט מיך נישט. זאָג איך צו זיך: — נישט איז נישט... וואָס האָט געטאָן ליכט? ער איז אַליין אַרויף אויף דער בינע און געמאַכט מיין ראָלע. ער האָט געקענט אַלע פּיעסעס פֿון אויסנווייניק.

אויף צומאָרגנס קומט צו מיר דער „סטאַרשי"



זישע גאָלדוואַסער און ישראל מערקין

פון טעאַטער, יואל לינקאָווסקי — ער איז נאָך היינט אַ „פּראַוואָסלאַוונער״ — און זאָגט צו מיר:

— קום שפּילן אויף דער צווייטער פאָרשטעלונג...

ווי זאָגט מען: אַז מען רופט, דאַרף מען גיין. כ'בין פאַרשטייט זיך, געגאַנגען...

נאָך אַ פּאָר ווערטער וועגן אַ פּאָר אינטימע חברים. ס'איז אַזוי ווי קינדער ביי עלטערן — איינע ציען מער זייער אויפמערקזאַמקייט, אַנדערע ווייניקער, אָבער ליב האָט מען אַלע גלייך.

ישראל מערקין האָט מיך איבעריאָגט. זיי האָבן שוין עטלעכע אייניקלעך כן ירבו... ער האָט חסרונות אָבער נישט פאַר מיר. איך האָב אין „איפּט״ געשטעלט אַ באַדינג, אַז אויב מערקין וועט שפּילן, וועל איך אויך שפּילן. זיי האָבן געפּועלט ביי אים ער זאָל זיך באַטייליקן — ער איז געווען אויך אַ פעיקער מענטש. געווען אַמאָל אין דער „ליניע״. היינט נוצט ער אויס זיינע פעיקייטן אין זאַמלען קלינגערס...

אַ ניי־געבאַקענע אַקטריסע איז געוואָרן קוקי מאַורער. זי איז זייער אַ שיינע. איר מוטער איז פּאולינא טאַכמאַן, זייער אַ גוטע אַקטריסע — מיר קענען זיך שוין צענדליקער יאָרן, נאָך פון בוענאָס־איירעס. איר מאַן, יוסף מאַורער, איז געשטאָרבן פּלוצים דאָ אין ישראל. כבוד זיין אָנדענק. קוקי איז די פרוי פון ד״ר באַרג, אַ לעבן אויף אים. אַ סימפּאַטישער מענטש. ער האָט מיך מער ווי איין מאָל



קוקי מאַורער

אַרויסגעשלעפּט אין אַן עת צרה. קוקי גיט זיך אָפּ
מיט אירע דריי בנים. איינער פון זיי שטודירט שוין
מעדיצין אין ירושלים. וואָס שייך שפּילן איז איר



ד״ר זעליג באַרג

די טעאַטער־קאַריערע נישט נויטיק פאַר פרנסה — ד״ר באַרג קאָן ברוך השם פאַרזאָרגן זיין משפחה.

* * *

פייוול זיגלבוים האָט פינאַנסירט און אַרויסגע־געבן דאָס ביכל ,,די טרופּע טאַנענצאַפּ״ און ער אַליין, פייוול, איז אויך אַ שרייבער, לעצטנס אַרויסגעגעבן

אַ בוך „די אוהאַמאַ׳ס״. ער האָט מצליח געווען. וווינט היינט אין ישראל; מיטגליד פון דער פאַר־וואַלטונג פון יידישן שרייבער און זשורנאַליסטן־פאַר־איין אין ישראל. ער שרייבט אויך אַרטיקלען אין דער „ישראל שטימע״ און „לעבנס פראַגן״. איך האָב אַ הנאה פון די אַרטיקלען.

* * *

ביזן היינטיקן טאָג האָב איך נאָך געוויסנסביסן וואָס איך האָב געשפּילט אויף אַן אַנטירעליגיעזן אָוונט, אויפגעפירט אין אַ כל־נדרי־נאַכט. איך האָב



„דער מבול״ פון בערגער
זישע גאָלדוואַסער — ערשטער לינקס



„מאָטקע גנב" פון שלום אַש
(אַלס חנהלע שפּילט מיין קוזינע מ.)

געשפּילט טאַקע מיט די חברים משה דרעקסלער, יענקל לעוו א. אנד. ערשט נישט לאַנג האָט הרב ידידיה פרענקעל באַפרייט מיך פון מיינע געוויסנס־ביסן און דורך מיר אויך די חברים, וואָס האָבן דאַן אָנטייל גענומען אין יענעם אָוונט.

איך וועל דערמאָנען די אַלע מיט וועלכע איך האָב געשפּילט און אויסרעכענען אויך די, וואָס זענען שוין אַוועק אין דער אייביקייט. דאָס זענען, אַחוץ מיר, געווען: יעקב לעוו, און טשאַנאַ, זיין ווייב, משה יאַבלאָקאָווסקי (אַגאַשקאַ), יאָשקע קאָבלענץ, פריידל למדן, הערמאַן לאַסטער, כאַרדאַנאַ

פיין, גאָלדע פלאַם, יחזקאל מילשטיין (דאָס רבילע), יצחק ליכטענשטיין, ציפּע לינקאָווסקי, מעמע וויגאָדזקי, מלכה גאַם, פינדער, שרה אייכנבוים, זשאַקאַ גלעזער, שרה סאַלניק, ציגל, קאַניעווקי, קראַסעוויטש, מינצעס, פלאָראַ פאלוס, ראָקעל מינצעס, פלעצל.

מאָלער און בינע־מייסטער: צווייליך, פסח פּאָדראַבינעק, חיים סאָקאָלאָווסקי און יאַנקל.

* * *

כאַרדאַנאַ פיין איז אויף מיין איניציאַטיוו אַריין אין „איפּט". זי האָט געאַרבעט אַלס אָנגעשטעלטע אין „וויצאָ". דער פאָטער, יוסף פיין, איז געווען אַלע יאָרן אַן אָנגעשטעלטער אין קרן קימת. אַ בכבודיקער ייד, אָנגעזעען אין בוענאָס־איירעס. כאַרדאַנאַ איז געווען די איינציקע טאָכטער. דער פאָטער האָט געהאַט צער, וואָס מען האָט זי אַריינגעצויגן אין „איפּט". דאָס איז פאָרגעקומען מיט אַ סך יאָרן צוריק.

מיר האָבן צוזאַמען געאַרבעט אין טעאַטער. מיט דער צייט האָט זי זיך באַקענט מיט אַן אַקטיוון מיטאַרבעטער פון „איפּט" — אַ טעכניקער, בינע־מייסטער, צווייליך. ער האָט אויף איר משפיע געווען, זי איז געוואָרן אַ קאָמוניסטקע. דעם פאָטער האָט דאָס שטאַרק פאַרדראָסן, אָבער וואָס קאָן מען מאַכן? זיי האָבן מיט דער צייט חתונה געהאַט — איך האָב אויך געטאַנצט אויף דער חתונה. — און זיי האָבן געשפּינען זייער לעבן, אויפגעהאָדעוועט אַ



זישע גאָלדוואַסער און כאַרדאַנאַ פיין

זון מיט אַ טאָכטער. די קינדער זענען נישט געגאַנגען
אין די וועגן פון די עלטערן, נאָר פון זיידן. זי אָבער
איז געבליבן טריי איר אידעע, אַז אָך און וויי...
איך האָב דאָ דערהאַלטן אַ טאַשמע — איך הער זי
גערן פון צייט צו צייט, — וואָס די חברים משה
יאַבלאָקאָווסקי און יאָשקע קאָבלענץ האָבן געמאַכט,
און מיר איבערגעשיקט אַהערצו, — ווי אַזוי זי האָט

אַרומגעשמייעט אין דער צייט פון דער 6־טאָגיקער מלחמה. מיט גאַל האָט זי געשפּיגן אויף די „ישראל־אַנגרייפער“, אַזוי ווי מאיר ווילנער דאָ. אָבער זי איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אין עלטער פון 52 יאָר, אין יאָר 1967. און מאיר ווילנער איז נאָך אַלץ דאָ...

אויס נייגעריקייט בין איך געגאַנגען אַמאָל הערן ווילנערן. ער האָט געזאָלט רעדן אויף יידיש. אין בוענאָס־איירעס האָבן מיר גערופן די קאָמוניסטן „בידלאָ“ (בהמות). און עס איז טאַקע אַזוי. ער האָט גערעדט, ווי צו בהמות. ער האָט דאַן געזאָגט, אַז ס'זענען נישט קיין נייע ראַקעטן, ס'זענען אַלטע... נאָר וואָס, מען רוקט זיי אַלע מאָל איבער אויף אַן אַנדער אָרט. אַז מען זאָל צעמישן די ישראלים. איר האָט געהערט אַ שפּראַך?... עס איז אומגלויבלעך, אָבער אמת.

כאַרדאַנאַ פיין האָט אָבער איבערגעלאָזט אַ גוטע ירושה: דעם זון מיט דער טאָכטער. עס קאָן זיין, אַז זיי זענען דאָ אין דער מדינה. אויב נישט, בין איך זיכער, אַז זיי וועלן קומען. וואָרים זיי געראָטן דאָך אַריין אין זיידן. איך פלעג זען, ווי דער בחור איז געגאַנגען אין די ימים נוראים אין שול אַריין צו־זאַמען מיטן זיידן.

* * *

מיר האָבן געשפּילט די פּיעסע „אין פּאָליש אויף דער קייט“ פון י. ל. פּרץ. איך האָב געשפּילט דעם רב. קומט צו הערמאַן לאַסטער און טוט אַ זאָג:



אַ סצענע פון „אין פּאַליש אויף דער קייט" פון י. ל. פּרץ

— זישע, מאַך עפּעס! אַלע מאָל דאָס זעלבע איז סקיטשנע...

ער איז אַמאָל געווען אַ פּראָפעסיאָנעלער אַק־טיאָר. אין טעאַטער זענען פאַראַן אַ סך לצים. איך האָב באַשלאָסן עפּעס צו טאָן. די כלה האָט געשפּילט גאָלדע פלאַם. אין טעאַטער איז זי געווען צו ערנסט. איר האָט מען געמוזט זאָגן פריער, אַז מען וועט מאַכן עפּעס אַ טריק, וואָרים נישט אַלע, וואָס שטייען אויף דער בינע, זענען אַקטיאָרן. מיין ראָל, דעם רב, האָב איך געשפּילט נאַטירלעך, מיט אַ באַס־שטים. מיט אַ מאָל, וואַקס איך אויס מיט אַ פאַלסעטל, מיט אַ קאַקעצל... דאָס איז געווען נאָך אַ 50

פאָרשטעלונגען און איך האָב מיר נישט פאָרגע־
שטעלט, אַז דאָס קאָן אָנשטעקן די אַקטיאָרן מיט
אַ געלעכטער. איך האָב דאָרט אַ סצענע, ווי איך גיי
צו צום זינדיקן — געשפּילט האָט אים זאַגדאַנסקי
— און זאָג מיין פראַזע... ער פאַרשטעלט זיך
ס׳פּנים, און ברומט: — וואָס טוסטו?... דוד ליכט
איז פּונקט געווען אין טעאַטער — ווו דען האָט ער
געזאָלט זיין? — ער איז נאָר געלעגן אין טעאַטער.
ליכט איז צוגעלאָפן צו די קוליסן און געשריגן: —
,,גאָלדוואַסער, גייט איבער אין אייער טאָן!" איך בעט
אייך, אויף דער בינע, פאַרן פּובליקום, גיי איבער פון
אַ פאַלסעטל אויף אַ באַס... אַ שיין פּנים וואָלט
איך געהאַט. ווען מען האָט אַראָפּגעלאָזט די פאָר־
האַנג איז איינע פון די אַקטריסעס, עדיזיע וואַסער־
מאַן, וואָס האָט געשפּילט אַ גבאיטע, מיר נאָכגע־
לאָפן און געוואָלט מיר וואַרפן אין קאָפּ אַריין אַ
בענקל פאַר דער נבלה, וואָס איך האָב באַגאַנגען. איך
בין אַריין אין קאַמאַרין (קאַבינע) זיך פאַרשלאָסן
פאַר מורא, אַז מען וועט מיך לינטשן.

וואָס האָט ליכט געזאָגט דערצו? ער האָט גע־
האַלטן, אַז מען קאָן די ראָל שפּילן אויך אַזוי, מען
דאַרף אָבער מאַכן כאָטש איין פּראָבע, אַז די צוזאַ־
מענשפּילער זאָלן זיין צוגעגרייט. איין גאָט איז מיין
עדות — ווען איך וואָלט געוווּסט וואָס דערפון וועט
אַרויס, וואָלט איך דאָס נישט געווען געטאָן.

אין דער זעלבער פּיעסע פלעגט מען זיך אַמאָל
בייטן מיט די ראָלן. איך האָב געשפּילט דעם האָלץ־
העקער. מאַכט זיך, אַז איך האָב זיך צעשלאָגן מיט



זישע גאָלדוואַסער און דאָראַ ווינדלער אין „הויפּטמאַן פון קעפּעניק“

יעקב דענקער, (האָט אויך חתונה געהאַט פון „איפּט“ מיט דער שוישפּילערין דאָראַ ווינדלער) — איך געדענק נישט, צי איך פלעג זיך אין פּריוואַטן לעבן אַמאָל שלאָגן מיט עמיצן — אַפילו נישט גע־קריגט זיך; נאָר אַז מען האָט מיך געוואָלט באַ־וועלען, האָט נישט געטויגט. עס איז געווען אין דער מאַסן־סצענע, פלעגט מען זיך אַזוי צעבאָכניען, אַז ס'איז געווען אַ שרעק. אָבער דאָס פּובליקום האָט עס נישט באַמערקט. מיר האָבן געוואָלט איינער דעם אַנדערן פאַרשטעלן, אָבער עס איז נישט געגאַנגען, איך האָב אים מנצח געווען.

* * *

מיר האָבן געשפּילט „דער הויפּטמאַן פון קעפּעניק".
אַ פּיעסע אין 12 בילדער. איך האָב געשפּילט פּאָיגטון
און געווען פאַרנומען אין אַלע 12 בילדער. קאָן מען
פאַרגעסן, יאָ צי ניין? איך האָב געהאַט אַ סצענע,
ווו כ'האָב געדאַרפט אַראָפּגיין פון דער בינע און
... איך האָב פאַרגעסן. איך גיי צו צו איינעם און
פרעג אים: — וואָס טו איך?... יענער קוקט מיך
אָן און פאַרשטייט נישט. ס'איז געווען איינער פון
דער „ליניע", אַ געשווווירענער... איך גיי צו צו אַ
צווייטן — סאַוויצקי האָט ער געהייסן, אויך געווען
אין דער „ליניע", אַ מאַלאַזש פון פאַך, — און איך



„דער הויפּטמאַן פון קעפּעניק"

פרעג אים אויך: — וואָס טו איך? ער ענטפערט נישט. ער איז געווען פון די אַקטיאָרן, וואָס האָבן געהיטן זייערע ראָלן (ער לעבט שוין נישט — כבוד זיין אָנדענק. ער איז געשטאָרבן יינג). איך שפּרינג צו צו נפתלי לעוו, — איך באַווייז נישט צו פרעגן און ער זאָגט מיר: — גיי אַראָפּ צו אלדע שוואַרץ יאָר!... דאָ האָב איך זיך ערשט געכאַפּט.

ווער איז דער נפתלי לעוו? זיין אמתער נאָמען איז יעקל — אים איז געבליבן דער נאָמען פון אַ פּערסאָנאַזש פון אַ פּיעסע, אין וועלכער ר'האָט גע־שפּילט. עס איז נאָך געווען אין „אידראַם"־צייטן. אויך געווען איינער פון דער „ליניע", אַ פּעיקער מענטש. אים האָט שוין מער אינטערעסירט טעאַטער ווי די „ליניע". זיי האָבן אים אויפּסכוח געוואָלט מאַכן פאַר אַ פּאָלקס־אַקטיאָר, ווייל ער איז געווען איינער פון זייערע פּעיקסטע מענטשן. איצט איז ער אין ישראל און געפינט זיך אין קיבוץ שמרת, אין זכות פון זיין טאָכטער. זיי האָבן אויך חתונה גע־האַט פון „איפּט". זיין פרוי איז אויך געווען אַן אַקטריסע, נישט פון די גרויסע. איצט האָבן זיי פון דער איינציקער טאָכטער צוויי קליינינקע סברהלעך, אַ לעבן אויף זיי. דאָס איז דערווייל זייער אָפּשפּאָר. כן ירבו. זיי, די באָבע־זיידע האָב איך נאָך געהאַט די זכויה צו באַגלייטן ווען זיי זענען עולה געווען. און צו זען זיי אויף דער חתונה פון אונדזער זון, ראובן. נאָך דער חופּה האָבן מיר פאַרבראַכט אין שטוב מיט די חברים: מלך שוואַרץ פון קיבוץ עין כרמל. משה גאָרדאָן מיט דער פרוי (געקומען פון



אַ סצענע פון „מבול״.
חיהלע גראָבער, זישע גאָלדוואַסער און ישראל מערקין

אורוגוואַי, וווינט אין רמת הנשיא — זיי האָבן דאָך דאָ די גרעסטע אינוועסטיציע — צוויי טעכטער אין קיבוץ).

*

נאָך אַ דערמאָנונג וועגן דער גרויסער אַקטריסע,

די קינסטלערין חיהלע גראָבער, פון די ערשטע שוישפּילערינס אין דער „הבימה". דער שדכן פון דעם שידוך מיטן „איפּט" איז געווען דער האַרציקער מיכאל גראַיעווער. מיר האָבן געשפּילט דעם „מבול" פון בערגער. איך וועל פּרוּוון אויסרעכענען די נעמען מיט די פּערסאָנאַזשן: זאַגדאַנסקי — דעם געליבטן, לאַסטער — דעם אַקטיאָר, נפתלי לעוו — פּראַזערן, משה דרעקסלער — דעם גאָלאַן, מערקין — דעם קעלנער, דאָראַ ווינדלער — די צייטונג־פאַרקויפערין, איך — סאַוויצקין — די בינע־לייטער זענען גע־ווען פּסח פּאָדראַבינעק און צווייליך; רעזשיסער — דוד ליכט. דאָס איז געווען אַ פאָרשטעלונג, ווו יעדער איז געשווומען ווי אַ פיש אין וואַסער. דעם ניגון, ברום איך נאָך כסדר ביז היינט. געווען אַ פאָרשטעלונג, וועלכע האָט איבערגעלאָזט אַזאַ איינ־דרוק, אַז איך קאָן זיך ביז היינט נישט באַפרייען פון איר. אפשר איז דאָס געווען אין זכות פון חיהלע גראָבער. איך האָב זי באַגעגנט דאָ אין ישראל צוויי מאָל. איך דאַנק איר ביזן היינטיקן טאָג.

דאָס צווילינג־פּאָר משה יאַבלאָקאָווסקי (אַגאַש־קע) און יאָשקע קאָבלענץ זענען אַזוי צונויפגעוואַקסן ווי אַ סיאַמער פּאָרל. מיר האָבן צוזאַמען אַקטואירט אין טעאַטער. און וואָס פאַר אַ געזעלשאַפטלעכע אַרבעט עס האָט נאָר נישט געזאָלט זיין, זענען מיר געווען צוזאַמען. אַפילו געשפּילט אין קאָרטן. דאָס דאַרף מען דאָך אויך קענען. מען האָט נאָר געשפּילט אין דער פרייער צייט. אָט דאָס פּאָרל, דער סיאַמער צווילינג, האָט זיך אַ נאָמען געגעבן „דער קלוב".



משה יאַבלאָקאָווסקי



יאָשקע קאָבלענץ

מיך האָבן זיי צוגעצויגן אַלס דעם פּרעזידענט. דאָס איז געשען נאָכן פאַרלאָזן דעם „איפּט”. מען דאַרף דאָך אָבער האָבן טעאַטער, — האָט מען באַ־שאַפן דעם „קלוב”. מיר האָבן זיך באַזעצט אין דעם קאַפע „פּינתי”. מיר האָבן זיך אָפּגעשטימט אַ שעה, יעדן אָוונט זיך צו טרעפן אין דעם קאַפע. מיר האָבן דאָרט אָנגעהויבן „פּירן טיש”. צו ביסלעך האָבן אָנגעהויבן זאַמלען זיך די נאָענטסטע חברים און דאָס טישל איז אויסגעוואַקסן, געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער. אָפּט פלעגט פעלן פּלאַץ פאַר אַלעמען. איך וועל נאָר אויסרעכענען אַ פּאַר פּערזענלעכקייטן וועט איר זיך אָפּגעבן אַ חשבון; דאָס זענען געווען באָטאַשאַנסקי, ד״ר זשיטניצקי, יאָנאַסאָוויטש, האָרן, און אַנדערע. דאָס איז געשאַפן געוואָרן פון דעם „זאָ גענאַנטן קלוב”. די קעלנערס פלעגן נישט צוגיין


משה דרעקסלער


זישע גאָלדוואַסער


כאַסקל מילשטיין

צום טישל ביז מען האָט זיי נישט געגעבן אַ ווונק מיטן פינגער. זיי פלעגן שוין וואַרטן, ביז מיר וועלן קומען, צוליבן פעטןביינדל, וואָס זיי האָבן דערביי אָפּגעלעקט. פאַר דעם האָבן מיר שוין געזאָרגט...

משה יאַבלאָקאָווסקי האָט אַ פרוי, כּואַנאַ הייסט זי. אַז מען האָט געשפּילט אַמאָל, אויב עס איז נאָר געווען צייט, קאָרטן, — האָט די פרוי פון משהן געזאָרגט ס׳זאָל זיין פון כל טוב. זיי האָבן צוויי קינדער, אַ זון און אַ טאָכטער. דער זון האָט חתונה געהאַט און האָט זיי באַשאָנקן מיט צוויי אייניקלעך. די טאָכטער איז אויך פאַרהייראַט.

וואָס שייך טעאַטער איז משה יאַבלאָקאָווסקי געווען אַ פעיקער חברהמאַן. אַפילו אין מסחר האָט ער זיך ברוך השם אַרויפגעאַרבעט. איך האָב גע־

שפּילט מיט אים אין אַ סך פּיעסן. אַ פּעיקער יונג, אַלט ביי די 52 יאָר.

און איצט אַ פּאָר ווערטער וועגן „יאָשקע, דעם לאַנגן" (קאָבלענץ). אַזאַ האַרציקן מענטשן איז שווער צו טרעפן. ער איז אַלט ביי די 50 יאָר. ער האָט געקאָנט געבן אַ גוטע עצה, אַ חכמהדיקע; אַ



מלכה קאָבלענץ און כּואַנאַ יאַבלאָקאָווסקי

סימפּאַטישער מענטש, אין פולן זין פון וואָרט. און וואָס שייך טעאַטער, — איז ער אַ גוטער אַקטיאָר, פלעגט אַביסל צו פּעדאַנטיש צוגרייטן זיינע ראָלן. איך געדענק אים אין אַן עפּיזאָד אין דער פּיעסע

„אָרעמע מלוכה" פון ה. לייוויק. ער האָט געהאַט
אַלע טעמים. ער האָט מיך שיער נישט גערעקט.
אָבער איך בין אים בייגעקומען. איך האָב געשפּילט
מלכ'ן. קאָבלענץ האָט אַ פרוי מיט צוויי קינדער:
אַ בחור און אַ מיידל.

* * *

אין יאָר 1965 בין איך געווען אויף אַ מסיבה
ביי דער משפּחה כוליאַ קויפמאַן, אין שטוב. זיי
האַלטן אָן אַ טראַדיציע נאָך פון בוענאָס־איירעס.
זיי פלעגן מאַכן קבלת שבת יעדן פרייטיק. זיי האָבן
זיך ברוך השם געקאָנט דערויף דערלויבן. גלייכצייַ־
טיק האָבן זיי דאָך געטאָן אַ גוטע זאַך פאַר די
קינדער. זיי האָבן געהאַט אַ גוטע סביבה, אין וועל־
כער זיי האָבן זיי דערצויגן, און די רעזולטאַטן זענען
געווען גוטע.

איך בין אויך געווען אויף דער מסיבה, וועלכע
ס'האָט פאַר זיי איינגעאָרדנט די ביאַליק־שול אין
בוענאָס־איירעס. די פרוי איז אַ לערערין פון פּיאַנאָ.
וואָס כוליאַ טוט דאָ, ווייס איך נישט גענוי. מיר
שיינט, אַז ער איז אַ שותף אין אַ חברה פון גראַ־
פיקער. די מסיבה, אויף וועלכע איך בין געווען מיט
מיין פרוי, איז געווען לכבוד זיינס אַ קוזינע וואָס
איז געקומען פון אַמעריקע און ער האָט איר געוואָלט
מהנה זיין, האָט ער מיר געבעטן, איך זאָל אויך
דאָרט אויפטרעטן מיט מיין פּראָגראַם. עס איז גע־
קומען אַ גרויסער עולם, — פאַר מיר זענען זיי נישט
געווען באַקאַנט. אָבער די קויפמאַנס זענען זייער
האַרציקע מענטשן...



„באָבע יאַכנע“ פון גאָלדפאַדען — רעזשי יעקב ראָטבוים



לייבל גרוזמאַן איז געווען דער רעדאַקטאָר פון זשורנאַל „דער שפּיגל״. דאָס איז געווען זיין פּריוואַטע אויסגאַבע. ער האָט נישט פאַרפעלט אויף אונדזערע משפּחה־שמחות: בר־מצוות פון מיינע זין און אַנדערע. ער האָט די שמחות באַשיינט מיט זיין באַפליגלט וואָרט. ער איז געשטאָרבן אין בוענאָס־איירעס אין יאָר 1962. די פרוי זיינע, מרים, איז געשטאָרבן דאָ אין ישראל אין יאָר 1971. זי איז געווען אַ האַרציקע פרוי. מיר זענען געווען באַפריינדעט און זי פלעגט אָפט קומען צו אונדז. זיי האָבן דאָ אַריינגעבראַכט אַ גוטע אינוועסטיציע: צוויי קינדער, אַ זון און אַ טאָכטער. די טאָכטער האָט נאָך חתונה געהאַט אין בוענאָס־איירעס — דער מאַן הייסט טאַבאַק. ער שטודירט אין טכניון אין חיפה, זיין פרוי שטודירט אויך.

אויף דעם זונס, אדם'ס, חתונה, וועלכע איז פאָרגעקומען אין ירושלים, בין איך געווען. ער האָט אין ירושלים געענדיקט אוניווערסיטעט. ער איז געווען ספּיקער אין „קול ישראל״ אין דער יידישער אוידיציע. אַ ווױלער, האַרציקער חברהמאַן.

און איצט וועגן מיין פרויס משפּחה. פון אַ טייל פון זיי קען איך נאָר די נעמען, אַנדערע קען איך נענטער. די קוזינען ברכה, חוה, און אהרנ'לע קען איך ווייניק.

יוסף קיטאי האָט אַן איינציקע טאָכטער. ער איז אַ רעליגיעזער, האַרציקער, קלוגער מענטש. מיר האָבן זיך קעגנזייטיק באַזוכט און באַפריינדעט.



דאָס געזעגענען די חברים טשאַנאַ און יאַנקל לעוו צו זייער עולה זיין.
זישע גאָלדוואַסער, דער פּערטער פון רעכטס — אויבן.

חדוה, די פרוי פון אברהם גערשאָנאָוויטש, איז אַמאָל געווען אין בוענאָס־איירעס אויף אַ באַזוך. מיר האָבן זיך זייער באַפריינדעט און פאַרבראַכט מיט איר אַ סך צייט, ביז זי איז צוריקגעפאָרן קיין ישראל. מיר טרעפן זיך דאָ גאַנץ אָפט און האָבן זיך גוט צונויפגעלעבט מיט איר און איר מאַן. זייער האַרציקע מענטשן.

חוה קאָהן איז אַ קוזינע פון מיין פרוי. מיר האָבן זי אָפט באַזוכט, זיי אונדז אויך. וואָס קאָן איך וועגן זיי זאָגן? מיר האָבן גערעדט, געוועבט זכרונות און צוגעטרונקען טיי מיט צובייס. זאָלן זיי זיין געזונט.

שושנה לינדע איז די איינציקע טאָכטער פון יוסף קיטאי, וועלכן איך האָב אויבן דערמאָנט. זי האָט חתונה געהאַט און לינדע הייסט זי נאָכן מאַן. ער איז מיינער אַ לאַנדסמאַן. מיר האָבן פון צייט צו צייט זיך באַגעגנט. זיי האָבן צוויי קינדער, אַ טאָכטער מיט אַ זון.

* * *

צום סוף פון מיינע מעמוארן וויל איך אויסדריקן מיין טיפע דאַנקבאַרקייט דעם פריינד באַום, קבלן אין בת־ים, אַן אָפּשטאַמיקער פון לאַ־פּלאַטאַ, אַר־גענטינע, מיין קוזינע מאַניע און וויקטאָר גראָסמאַן, מר סאָלאָוויי פאַר זייער הילף אין אַרויסגעבן מיין בוך.

* * *

דעם 25־טן דעצעמבער 1971, אין מיטן שלאָף, הער איך אַ געשריי: — קנופּסיק! אַנטלויף!... דער שווינדלער זוכט דיך, זישע מיכאַל קאַרפּאַלע־פּרעסער!... און באַלד האָבן זיך באַוויזן דער זיידע, די מאַמע מיטן פאַרשטאָרבענעם ברודער מיט אַלע פאַרשטאָרבענע חברים און פריינד. זיי האָבן מיך פאַרשטעלט...

איך בין זיכער, אַז ער וועט מיך פּוצן. ווען? ווייס איך נישט.

בת־ים
28 נאָוועמבער — 21 דעצעמבער 1971